## VI. אין טעג פון עכאָ





## VII. אין קינאָ



## VIII. אין רויש פון רעדער

# אינהאַלט:

ווי ס'קוקן פון הייזער די שויבן מיט ליכט אויף דער בלויקייט אַראָפּ
און ס'ווערט דער געקלאַנג פון דער וואָך מיט די כוואַליעס צעשוימט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דו אָ, שיקאַגאָ, שטאָט פון גערויש אין דער „מיט־וועסט", —
פון באַנען און סקלאַדן, פאַבריקן און „סטאָק־יאַרדס",
דו קוקסט אויף די שוימיקע כוואַליעס פון שטראָמיקן וואַסער,
וואָס ליגט ווי אַ ים דאָ צו צאַמען די שטאָליקע טריט פון געאייל,
דו זאָלסט ניט אויף אים מיט יבשה צעלייגן נאָך מער זיך און מער.
צעפלאַסטערן שליאַכן מיט שטאָל און גראַניט צום געבוי,
און מער נאָך צעשפּרייטן מיט אויפשטייגן דיין מאַרק.

## אין מיין גערדאַנקען־גאַנג

באַרינגלט זיך די זון ווי אין אַ ראָם,
גייען בליצונגען פאַר מיר פאַרביי
און לאָזן איבער אין די הייכן אין פאַרגיין;
— פלעמלעך פון אַ פלאַם,
וואָס קאָנען פון דער וועיט זיך קלאָר באַך זען,
כאָטש די וואָלקנס לייגן זיך אויף זיי.
בליצן פינקען נאָך אַלץ פאַר די אויגן,
כאָטש דער טאָג ווערט פון דער נאַכט צעטראָגן,
— שוועב איך אין געאייל אויף וועגן איבער בערג אַוועק,
ווי איך וואָלט מיט מיין גערדאַנקען־גאַנג געפלויגן,
דעם אָפּשיין שטראַל פון מערב נאָכצויאָגן.
און אַז מיין אויג דערפילט דעם פלאַם נאָר קוים;
— בלייבט מיין בליק ווי אין אַ נעפּל טיף אין וועג;
און מיין זעאונג שווימט אין רוים.

VII

שיקאַגאָ.
שטאָט פון דער „מיט־וועסט", אין דאַאיקן לאַנד.
שטייסט דאָך באַפעסטיגט געשנירט מיט עשירות און גלאַנץ;
קופּאָלן, וואָקזאָלן, האָטעלן און „קינאָס", דערטרונקען אין רויש,
פון רעדער וואָס טרייבן דאָס לעבן אין ראַשיק געדריי,
באַדעקט און געקייטלט מיט בלענדיק עלעקטרישער שיך,
וואָס טרייבט ווי אַוועק אַלץ די נאַכט פון אַריינגאַנג צו דיר,
וואו ס'גייט פון געדראַנג ניט אַרונטער געריש פון יריד.
דו שטייסט ווי באַרינגלט מיט שליאַכן פאַר באַנען און „טראַקס",
וואָס פירן עשירות דורך דיר און אַרום דיר פאַרביי,
באַדעקט ווי מיט רויך פון פאַבריקן, מיט גאַזן און שטויב,
ס'זאָל מער נאָך פאַרנעפּלען די שיין אין דער הייך פון דעם טאָג,
פאַרמעקן די זון אין די פענצטער פון נידער ביז הויך.

---

און איבער בולוואַרן וואו ס'רוען די אויטאָס ניט אָפּ פון געיעג,
וואו זעט קוקט אַראָפּ פון די שטאָקן מיט זון ווי פאַר־פרי;
— רינגלען אַרום אויך צעברעקלטע אַלטקייט די גאַסן פון קויט,
וואו פרעמד איז די פרייד אין די ווינקלען און קאַרג איז די רו.
און וויפל עס זיינען שוין רעגנס געפאַלן מיט בליצן אויף דיר,
האָבן זיי נאָך ניט פאַרוואַשן דעם אומעט פון אַרעמדיק זיין,
פון וואַנען עס גייט ניט פון יאָרן דער דלות אַוועק.

VIII

שיקאַגאָ.
דו האָסט אויף דיין פאַרביקן „מישיגען־בולוואַר",
אין דער לענג ביי דעם ברעג פון „לייק־מישיגען"־וועג,
צעשטעלט אין אַ ריי ווי אַן אויסשטעלונג, — הייזער, קופּאָלן אין גלאַנץ,
ווי ס'וואָלט דאָ פון דיינע מוזעאומס געשיינט אויף די קונסטווערק אַרויס.
שפּיגלט די זון זיך אין טירן און פענצטער אויף שטאָק איבער שטאָק;
— צעוואַרעמט דאָס לעבן וואָס איילט נאָך שעה'ן מיט ציל אויפן וועג.
— גיי איך און צייל ניט פון גיין מיינע טריט אין געדראַנג,
עס זאָל ניט אין טומל די פרעמדקייט מיך נאָכגיין אַ ווייל;
— די שיין פון די בילדער זיי זאָלן דערפרייען מיין בליק.
קוק איך ווי ס'ציט זיך דער אויפלעב אין ווייט מיט דעם וואַסער אַוועק,

VI

שיקאַגאָ.
דו שיינסט מיט דיין „לייק־מישיגען״, אויסגוס,
וואָס שפּיגלט מיט בלויקייט זיך אָפּ אין דעם הימל,
וואו שטייסט ווי פאַרפלאָנטערט מיט אייזנבאַן־רעלסן,
וואָס ציען צו דיר זיך פון פרעמד־ווייטע ווינקלען אין לאַנד.
עס שלעפּן די לאָקאָמאָטיוון — וואַגאָנען געלאָדן מיט סחרות און שפּייז,
באַנען מיט קוילן, דאָס לעבן צעטרייבן, ס׳זאָל רוישן נאָך העכער;
וואַגאָנען מיט תבואות נאָך רייכער צו מאַכן דיין פאַרביקן מאַרק.
עס שטילט ניט אָ וויל דורך מעת־לעתן אָן רוישיק אַ באַן,
וואָס קומט אָן מיט אוצרות, געשאַפן מיט מי און מיט הענט;
— דאָס לעבן עס זאָל ניט פאַרזען אויך אין ווינקלען די נויט,
און הייזער צעשיילטע פון יאָרן, פאַרפרעמדט פון דער רו,
אין שטיבער פון דלות, אין שטיבער פון עלנט אָן שיין,
פון וואַנען עס קוקן דורך פענצטער בלויז שאָטנס אַרויס,
און איבער די הייזער געזונקען ווי האַלב צו דער ערד,
באַדעקן די לאָקאָמאָטיוון אַ נעפּל פון רויך איבער זיי.

וואָס לאָזט מיך אין טראַכטן פון טאָג ניט דערגיין צו מיין ציל,
וואו רוישיק ס׳באַוועגן די רעדער דאָס לעבן אין גאַנג,
מיט אויפלעב וואָס טראָגט זיך פאַרביי מיר אין ליכט.

V

שיקאַגאָ.
דו שטייסט ווי מיט שומרים באַוואַכט;
מיט קוימען וואָס שפּיצן אַרויף פון פאַבריקן צום הימל,
און רויכערן אויס אין דער הוילקייט די שעהן פון אַרבעט און מי;
— צייכענען אָפּ אין די הייכן, די טעג וואָס צעשווימען אין רויך
און ווערן אין חלל פאַרלוירן ווי שאָטנס אין אויפגיין פון טאָג.
פאַרלוירן פון שטאָליק געררויש און פון אָפּקלאַנג פון טאָגיקן־מאַרק,
וואָס רייסט דורך די שטילקייט אין שעהן פון נאַכט —
פון „סטאָק־יאַרדס", לאָקאָמאָטיוון און „טראַקס".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איילן די רעדער פאַרביי צו דעריאָגן די שעהן פון טאָג,
געטריבן פון אומרו וואָס וויל ניט די זון זאָל צו פרי דאָ פאַרגיין,
עס זאָל זיך די רו ווי אַ שאָטן ניט שאַרן אויף וועגן מיט נאַכט,
וואָס דו האָסט אין בלי פון די פעלדער מיט גאָסן צעשניטן;
צעלייגט זיך מיט מויערן אויף פּרעיריס ביי דיר אויף דער ערד
און האָסט אין די טיפן דאָס שווייגן מיט שטאָל אויפגעוועקט,
צו ווייזן דיין אויפשטייג וואָס ברויזט מיט באַשאַף דורך די טעג.

אויף „סקווערן״, בולוואַרן, מיט זומער אויף ביימער,
וואו ס׳טראָגט אין דער הייך זיך געזאַנג נאָך פון פייגל,
אונטער אַ הימל וואו ס׳הייבט זיך פון אַרבעט אַ רויך.
און איך אין דעם פלאָנטער־געיעג אַלץ פון רויש און פון ווינט;
פאַרגייט ניט אין ווינקלען דער עלנט אין ליכט פון דעם טאָג,
כ׳זאָל ווי אַ שאָטן ניט זיין אין דער שיך פון לבנה ביינאַכט.

IV

שיקאַגאָ.
שטאָט פון בולוואַרן ווי שליאַכן צעשלענגלט אין ווייטן אַוועק,
וואָס שניידן ווי איבער די גאַסן מיט אַלטקייט וואָס יערן אין שטויב.
דו שטייסט נאָך געוואָרצלט מיט ביימער דערהויבן צום הייך,
צעבליט נאָך פון דורות, פון יאָרן צעוואַקסן פון רעגן און זון,
ווי וואָלסט ניט געוואָלט פון דייך וואַלדקייט פאַרגיין.
און כאָטש דו שטייסט צעטורעמט מיט מויערן אין בלענד פון דער זון,
צווישן בולוואַרן און גאַסן וואָס קייטלען אַזוי זיך מיט פאַרק נאָך אַ פאַרק,
צעטראָגט זיך פון ערגעץ אַרויס אין די הייכן אַ רוישיק־געקלאַנג
פון סקלאַדן מיט אַלטקייט פון אייזן און ברוך,
וואָס ליגן אין קופּעס און זשאַווערט פון רעגן און שניי;
געבויט פון אַמאָל מיט פאַרנעם און צעבראָכן פון הענט.
און איך ווי פאַרלוירן פון אייגענע טריט איבער גאַסן ביי דיר,
באַגעגן דעם עלנט זיך שאַרן מיט אומרו צו מיר.

III

שיקאַגאָ.
דו זאַמלער פון תבואה, פון שפּייזן, פון מזרח און דרום;
דיין מסחר שלאָגט אָפּ איבער שטאַטן פון לאַנד.
עס לויפט דורך די וועגן דער אויטאָ מיט מיר,
און ס׳לויפן די גאַסן מיט מויערן און הייזער פאַרביי;
פאַבריקן און קראָמען, קאַנטאָרן פון נידער ביז הויך
וואָס לאָזן די רו פון די פעלדער בייטאָג ניט אַריין.
— רויך פון די קוימען פאַרטונקלען דעם רוים איבער דיר,
די זון זאָל אין הייך ניט צעצינדן צו קלאָר די קופּאָלן;
עס זאָל ווער ניט זען ווי עס שאַרט זיך זיין שאָטן אין וועג.
געטומל פון אויטאָס און פורן, געאייל פון די „טראָקס״,
יאָגן אַלץ נאָך אויף די וועגן — די שעה׳ן פון טאָג;
די שעה׳ן פון איילן זיי ווערן פאַרלוירן אין שטויבן פון ווינט,
ווי קלאַנגען פון כוואַליעס וואָס טראָגן אַוועק זיך אין ים,
דיין מאַרק זאָל ניט ווערן געמינערט פון רויש און געשריי.
און ווי נאָר איך גיב דאָ מיט נייגער אַ בליק אויף אַ גאַס,
קומט מיר אַנטקעגן דיין טאָג מיט דער גרויקייט פון וואָך,
וואו ס׳טראָגט זיך דורך פענצטער געקלאַנג פון וואַרשטאַטן,
און ס׳האַמערט די מי אין פאַבריק מיט באַשאַף.
— עס לויפט דורך די גאַסן דער אויטאָ מיט מיר,
און איילט צו דעריאָגן אין ווייט נאָך די זון אין דער נידער,

—אַ פּלאָנטער פון שטעטלעך, פאַרפרעמדט פון דער רו;
ווי וועלדער אויף אינדזלען וואָס רוישן פון ווינטן אין האַרבסט,
באַדעקט מיט אַ הימל, פאַרנעפּלט פון קנויליקן רויך.
עס דוכט זיך, ווי איך זע דיך אויף פעלדער באַוואַקסן מיט סקלאַדן, פאַבריקן,
אויף פורן וואָס לאָזן די ערד אין איר שטילקייט ניט זיין.

II

שיקאַגאָ.
עס לויפט מיט גערויש איבער גאַסן אַן אויטאָ מיט מיר,
זע איך, ווי כ׳האָב דיך געזען דאָרט אין ווייטן מיט מיילן צוריק;
אַז ס׳דוכט זיך ווי כ׳וואָלט דאָ געשטאַנען געקוקט אַלץ אויף דיר,
אין פּלאָנטער פון „טראָקס״ און געלויף פון די „טאַקסיס״ און „אויטאָס״.
קוק איך אויף דיר אַ, שיקאַגאָ, דו אייזנבאַן צענטער פון לאַנד;
פאַרבונדן מיט בריקן און „סקווערן״, באַנעפּלט מיט רויך,
מיט בערגיקע הייכן, ווי שליאַכן געשנירטע אין ווייטן אַוועק,
פאַר באַנען וואָס איילן אַהער מיט וואַגאָנען פון מזרח און דרום
און ברענגען דיר גרוסן פון שטעט און פון „פּרעיריס״, —
פון דעם אַטלאַנטיק, פון דעם פּאַסיפיק, אַרום פון דער וועלט.
— און די האַנט פון באַשאַף וואָס לאָזט ניט דעם טאָג אַן געבוי דאָ פאַרביי,
לאָד דאָ די תבואה און סחורות אַרויס פון וואַגאָנען ביי ברעגן,
געזאַמלט אין ערטער נאָך רייכער צו מאַכן דיין בערזע, דיין מאַרק,
נאָך העכער זאָל טראָגן אַרום זיך אין ווייטן דיין שם.

# „שיקאַגאָ"

I

שיקאַגאָ.
שטאָט פון גרויסן פאַרנעם אין דער „מיט־וועסט".
דו שטייסט ווי איינגעשניטן פון רעלסן און באַנען,
צעזעגט, פון לאָקאָמאָטיוון וואָס טרייבן די שטילקייט אַוועק
און לאָזן אַ ווייל ניט צו הענגען אין הייכן די רו.
דו שטייסט מיט בולוואַרן פאַרבונדן מיט זומער און ווינטער,
באַרינגלט מיט רוי־לאַנגע וועגן אַרום הינטער דיך.
מיט בריקן צעהאַנגען, געשנירט מיט קאַנאַלן און טייכן ;
— פון שיפן באַוואַכט, פון קופּאָלן און קוימען געהיט.
ביסט רייך אַ, מיט הייזער און מויערן אויף גאַסן און סקווערן,
ווי ס'זעט זיך פון זיי ניט דער אָנהייב און ענד.
— עס לויפט אום אַן אויטאָ דורך גאַסן מיט מיר,
צו ווייזן דיין פלאַנטער וואָס פלאָנטערט פון רויש זיך ניט אויס,
פון שטאָל און פון שטיין פון דעם רעדער־געדריי.
קוק איך אויף דיר אַ, שיקאַגאָ, דו אייזן־באַן צענטער פון לאַנד ;

פון באַשאַף און מי דערהויבן פאַר דעם לוין פון ברויט,
געפּעסטיקט מיט דעם כּוח פון הענט,
מיט טעג נאָך טעג וואָס זיינען פון געבוי פאַרביי.
געטורעמט מיט גבורה האָט דער בויער אין דער וועלט,
אָט דאָס ריזן־הויז,
— וואָס האַלט אויף זיך אַ שטאָט געשטאָקט מיט ווענט;
די וואָכן־טעג צעיאָגן מיט געברויז.

II

אַ גיגאַנט
אויסדערוועלט פון לאַנד.
פענצטער איבער פענצטער פינקלען אין גערויש אַרייך,
שפּיגלען זיך אין פלאַם פון זון־פאַרגאַנג.
וואַרפן שויבן־בליקן איבער הייכן, שטאָל און שטיין,
מיט פלאַמען ווי צעבליצט אין גאַסנדיק געקלאַנג,
איבער מויער און קופּאָל,
אַראָפּ אין שטאָט.
קוקן פון די פענצטער צו דער וועלט אַרויס;
— טעג געיאָגטע ווי פאַרלוירן אין גערויש.

געטורעמט שטייט און אויסגעשמידט,
„דער עמפּייער־סטייט בילדינג",
אויף דעם אינדזל פון „מאַנהעטן" אין דער מיט,
שלינגט אין זיך אַריין פון שטאָט־גערויש געקלאַנג,
אין קאַמערן פון נידער ביז אין הויך,
מיט קאַלטן אָטעם צו באַדעקן נאָכן זון־פאַרגאַנג,
טעג און וואָך,
און וואַרפט פאַנאַנדער בליציק זיינע בליקן אויך,
צו באַוואָכן נאָך דעם טאָגיקן יאַריד,
דאָס עשירות פון ניו־יאָרק.

אַרומגערינגלט אויבן מיט אַ זילבער־רינג,
ווי אַ קראַנץ,
צעטונקען זיך אין רוים אין פלאַמען גאָלד;
גליען זאָל נאָך שאַרפער דער קופּאָל.

אַ בנין אויף אַ בנין,
גבורהדיק דערהויבן מיט דער קראַפט פון הענט.
אַ מאַרמאָר אויסגעשניצטער פּיעדעסטאַל
מיט טאָלן־נעצן וואו דאָס לעבן שפּרייזט אַדורך מיט טעג;
— איילט און לויפט אַריין, אַרויס,
און לאָזט קיין שאָטן אויף אַ רגע דאָרט ניט נורען אויף די ווענט,
צעשפּיגלען זיך אין דעם פּאַרמעג,
פון הונדערט מיט צוויי שטאָק וואָס שפּאַרט אַריין אין הויך,
דורך זון און רויך
אין ניו־יאָרק.

אַ געביי
אויפן קיילעכדיקן פלאַך פון הייך,
געראַמט ווי אין אַ זילבער ראַם,
מיט שפּיגל־שטאַנגען אויפגעשטאָקט מיט בלאַנקן שטאָל,
פון נידער ביז אַרויף צום הימל־רייך;
אַ קופּאָל,
וואַרפט שיין נאָך שיין נאָך בליציקער אויף גאַסן שטויב און רויך,
אויף לאַנד און ים
און בלענדט פון הויך
אויף ניו־יאָרק.

אַ טורעם, שטאָלץ און פריי
פון ווענט און שאָטנס ניט אַרום אין הייך פאַרשטעלט,
געצעמענט ווי געוואָרצלט אין דער ערד.

# „עמפּייער־סטייט־בילדינג“

I

ניו־יאָרק,
דו האָסט אין ניינצן־איין־און־דרייסיק —
נאָך העכער זיך דערהויבן צו דעם בלויען הייך, —
מיט הונדערט מיט צוויי שטאָק,
ווי צעלעכערן פאַר־טאָג — די נאַכט,
דער חושך זאָל אין טיפער ווייט אַראָפּ צוריק;
— די זון זאָל אין די פענצטער פלאַמיק פריי אַריין;
— שפּיגלען זיך אין הימלדיקן רייך.
באַדעקן דיך פון אויבן ביז אַראָפּ מיט שיין,
אין אָנהייב שעה פון טאָג.

אויפגעוואַכט,
שטייט מיט שטאָלץ, מיט גלאַנץ,
„דער עמפּייער־סטייט־בילדינג“,
איינגענאָגלט אין די טיפע גרונטן אין דער פעלזן־ערד,
אין מיטן פון ניו־יאָרק,
פון הענט דערהויבן שטאָק אויף שטאָק געשטאָלט,

איך זאָל אויף זיי קוקן אין שעה׳ן פון שווייגן,
מיין בליק זאָל מיך טראָגן אויף וועגן פאַרביי;
וואו ס׳פּרירן דיביימער פון נאַקעטע צווייגן,
און ווערן באַדעקט אָן געזאַנג דאָרט מיט שניי.

מיט רויש ווי פון כוואַליעס פון ווינטן געטריבן,
געלאָפן עס זיינען פון מיר אַלע די טעג;
און איך בין מיט אָפּשיין פון פרילינג געבליבן,
מיין בליק זאָל ניט נעמען פון זיי מיך אַוועק.

כ׳זאָל קוקן אויף טעג איצט אין הויך ווי אויף שטערן;
— מיין פּנים זאָל אויפגיין אין נאַכטיקער שיין.
איך זאָל ווי אין עכאָ דעם קלאַנג פון זיי הערן,
און גיין מיט די טעג אין דער וועלט איצט אַריין.

ווי וואָלט איך מיט זיי היינט געיום־טוב׳ט די יאָרן,
געבויט פון דאָס ניי אויף דער ערד מיין געצעלט,
איך וואָלט מיינע טרוימען באַפרייט פון זכרון;
— מיין וועג זאָל דאָ ווערן פון זיי אויך באַהעלט.

# אין שיין פון געדאַנקען

עס האָט מיך דער גורל דערוויַיט פון מאַשינען;
— געשיידט זיך פון שטאָליקן רויש פון דער שאַפּ,
וואָס האָט מיר פון נעכטן די טעג צוגענומען;
— געקאָרגט אויך בייַנאַכט מיר די רו אין מיין קאָפּ.

אין גאַנג צו די מאָרגנס אין שיין פון געדאַנקען,
פאַרבײַ איז אַ יוגנט וואָס האָט ניט דערפרייט,
און איז נאָר מיט אומרו אין עלנט פאַרגאַנגען;
אין וועג צו מיין ציל דאָ געווען אַלץ וויַיט.

אין שווייַגן פון אָוונט, היינט וועקט מיך אַ בענקען,
וואָס כ'האָב ניט אין טעג פון באַשאַף דאָס געשפּירט,
איך זאָל פון פרימאָרגן דעם אויפשיין געדענקען,
ווי ס'האָט מיך דאָס לעבן נאָר אייליק געפירט.

איך האָב אין די שפּעטער מיין אויפבלי פאַרלוירן;
— צעטיילט אין גערויש פון מיין יוגנט די טעג,
איך זאָל זיי איצט טראָגן אַרום אין זכרון,
און ווילן ווי שאָטנס פון מיר ניט אָוועק;

# אין דיינע יאָרן

אין דיינע יאָרן,
די פאַרגאַנגענע אין פרייד,
געפינען זיך אַ טייל פון מיינע טעג,
וואָס זיינען שווייגנדיק פון מיר, —
אין ווייטן האָריזאָנט אַוועק,
פריידיקער צו מאַכן דיר ;
— דיין גליק.

אין דיינע יאָרן,
די פאַרגאַנגענע אין פרייד,
וויינען שטיל אַרויס אַ טייל פון מיינע טעג,
וואָס זיינען דאגה׳דיק פון מיר, —
מיט אומרו ווייט אַוועק,
שאַפנדיק מיט מי פאַר דיר ;
— דאָס גליק.

# אין נעננט פון פאַבריקן
(סאָנעט)

מיין טאָג האָט היינט געפירט מיך דורך אַ פלאָנטער גאַסן אין דער שטאָט,
דורך מויערן און הייזער אויפגעשטאָקטע מיט פאַבריקן;
דורך פענצטער, וואו די זון האָט ניט געקאָנט צו זיי דערבליקן,
נאָר מאָט אַראָפּגעשיינט פון הייכן פון איר פייערדיקן ראָד.

איך בין פאַרבייגעגאַנגען דורך די גאַסן פריי־באַדעקט מיט רויך,
און יעדע פענצטער האָט באַגריסט מיך מיט אַן אַנדער רוישן,
ווי ס'וואָלטן בעלי־בתים דאָרט געוואוסט ווער ס'גייט אין דרויסן,
און מיר אַראָפּגעשיקט „אַ פריינטלעכן גוט־מאָרגן" פון דער הויך.

אָט ערשט ניט לאַנג, האָב איך צעטיילט זיי שטיקער פון מיין זוניק לעבן;
מיט גוטן צוגעוואָרפן טעג פון פרילינג מיינעם אין פאַבריק,
ווי ס'וואָלט מיין אייגן האַרץ געטריבן מיך צו בויען זיי דאָס גליק.

דער רויש פון די מאַשינען האָט אַ גרוס מיר פון די „טעג" געגעבן,
וואָס זיינען דאָרט פאַרבליבן איינגעקלעמט אין ווינקלען פון די ווענט;
— פון יאָרן מיינע, אָפּגעריסענע פאַר זיי מיט מיינע הענט.

## ניט איינמאָל

ניט איינמאָל האָט דער רויש פון ראָד געוויגט מיך אין פאַבריק,
גערטראָגן מיין געדאַנק אין וועלטן ערגעץ ווייט,
וואו ס'האָט די פאַרהאַנג זיך געעפנט פאַר אַ נייער צייט,
געזאַנג פון לעבן זאָל אויך שיינען אין מיין בליק.

און ווי דער פרי פון טאָג, געשפּיגלט האָט צו מיר אַ וועלט,
אַרויפצונעמען מיך אין קאַרוסעל פון פרייד,
וואָס האָט מיך אויף אַ ווייל פון עלנט אויף דער ערד צעשיידט;
דער וועג דאָ אויף צוריק, מיט נעפּל מיר פאַרשטעלט.

און ווי די זון שניידט שטיקער פון דער נאַכט פאַר טאָג אַ וועג,
האָט מיין געדאַנק געפירט מיין בליק אין ווייט אַהין;
צערונען איז געוואָרן דער גערויש פון מיין מאַשין,
און ניט געפילט האָב איך דער אומרו וואַרפט אויף מיר זיין שרעק.

און ווי די ווייט איז נאָר געוואָרן נאָענט צו מיין ציל,
די זון האָט אויפגעוועקט די האָפענונג אין מיר,
האָט מער מיין בליק דאָרט ניט דערזען די ברייטע טיר,
דער האַרבסט פון נעכטן זאָל דאָ שפּילן ווייטער נאָך זיין שפּיל.

# אָנהייב פרילינג
(סאָנעט)

עס טראָגט דער ווינט אין לופט אַן אָנזאָג אויף געזאַנג אין וואַלד,
אַ שבועה פון דער זון, די ערד פון ווינטער מאַכן פריי,
און וואַלד און פעלד צעבליען מיט דער פאַרביקייט פון מאַי,
וואו ס׳וועט צעפלאַטערן דאָס לעבן, פון דעם טאָג באַשטראַלט.

צעאָטעמען די פרישקייט פון דער אויפגעוואַכטער ערד,
דער אויפבלי פון עשירות צו באַוואונדערן אין פעלד;
וועט קומען קו און קאַלב פון שטאַל פון צוימען ניט פאַרשטעלט
און וועלן מיט דעם פעלד זיך חברן, ניט מער געשטערט.

מיט שיין אויף פנימער, צעשפּילט מיט גאָלד פון מאָרגן רויט,
וועט פויער נאָך אַ פויער גיין מיט אַקער אין די הענט,
באַגלייט אין פעלד פון פערד, מיט אויגן־ליב אין ווייט געווענדט.

מיט ברכות וועט דער פויער גרייטן פאַר דער וועלט דאָס ברויט;
— דערגרייכן זאָל די זעט, וואו ס׳האָט די נויט געגנישטערט שטיל,
די וועלט זאָל רעשן זיך אין ליכט און גיין אָן שטער צום ציל.

ג. י. 1932

# אין שעה פון מידקייט
(סאָנעט)

אין שעה פון מידקייט, פריי פון אָנזען אין פאַבריק,
ווען כ׳בין ניט אין גערויש פון מיין מאַשין געפאַנגען:
— דערטראָגן זיך צו מיר אין עכאָ, ווייטע קלאַנגען,
וואָס האָבן מיך אַרויסבאַגלייט אין וועג נאָך גליק.

עס לאָזט מיך ניט ביינאַכט צו רו דער ווידערקלאַנג,
וואָס וויקלט אויף פאַר מיר אַ בילד אין מיין זכרון;
— ווי כ׳זע זיך גיין מיט גלויבן אין די פרייע יאָרן
באַגלייט מיט אויפשיין פון באַגין אין מיין געדאַנק.

און חלומדיק פון יענע טעג פון גלויביקן באַשיידט;
— פאַרטראָגן מיך ניגונים, כ׳זאָל זיי קלאָרער הערן:
— גערויש פון שטאָל זאָל דאָ ניט דאָס געזאַנג מיר שטערן.

געלייטערט פון מיין זעאונג, נעם איך אויף דעם טאָג מיט פרייד,
איך זאָל מיין נייעם אָנהייב מיט מיין מי באַוועגן;
— מיין טראָט זאָל ניט פאַרווישט דאָ ווערן ווי פון רעגן.

# אויף אַ פאַרזאַמלונג

ער האָט גערעדט: —
די שטילקייט געגורעט זיך האָט אויף די ווענט,
און פריי האָט זיין אָטעם געוויית אין דעם זאַל.
געשוועבט האָט זיין בליק אַזוי פלאַמיק אין רוים,
צעצינדן די אויגן מיט וואָרט און מיט שטראַל,
ביי מענטשן וואָס האָבן געוואַרט אויף באַשייד, —
און האָבן געאָטעמט — זיין אָפּקלאַנג מיט פרייד.

ער האָט גערעדט: —
עס האָבן די מענטשן געשפּיצט נאָר די קעפּ,
געהויבן פון נידער אָן יאוש אין הייך
מיט נייגער די מיילער און אויערן געשפּרייט,
צו כאַפּן אַ וואָרט און אַ טייטש פון זיין רייך —
און שלינגען באַדייט פון זיין נייעם געדאַנק,
וואָס האָט זיי געוועקט צום גערעכטן פאַרלאַנג.

ער האָט גערעדט: —
און אויגן אָן אומעט געצילט שאַרף אויף אים,
געשפּיגלט זיך האָבן אין בליציקן בליק,
און האָבן אין אים ווי אין חלום געזען, —
צום וועג פון דעם נעכטן ניט גיין מער צוריק.
— ער האָט דעם געדאַנק קלאָר געשאַרפט מער ביי זיי,
געלייטערט דאָס האַרץ און געלינדערט דעם וויי.

מיט דעם טאָג אויף דער גאַס,
אין אויפגאַנג פון זוניקן־פרי:
גיי איך געאייניקט אַרום דער פאַבריק,
באַשאָנקען מיט רו און ניט מיד פון מיין מי,
ווי ס'טראָגט זיך אַצינד ניט פון רעדער קיין רעש.
געלייטערט פון שטויב — מיט האָפנונג אין בליק;
— איז היינט ניט מיין פּנים באַרירט מער פון פּיין,
וואָס האָט מיך געהאַלטן פון ציל מיינעם ווייט,
פון קוקן אין מאָרגן מיט גלויבן אַריין.

באַפּאַנצערט מיט אויפטאָג פון אייגענער מאַכט,
צעטראַג איך אינדרויסן דעם אָנזאָג פון שטרייט;
— די נויט זאָל ניט פירן מיט שרעק מיך באַוואַכט.
— נו, צייל איך די טריט ניט פון — הין און צוריק,
ביז יושר וועט פירן מיין גאַנג מיך צום ציל,
און שיינען פון זיג, וועט דערהויבונג אין בליק,
— ניט זיין ווי אַ בוים דאָ פאַרשאָטנט און שטיל.

# „ס ט ר י י ק"

מיט דעם טאָג אויף דער גאַס,
אין אויפגאַנג פון זוניקן־פרי:
— טראָג איך דעם אָנזאָג פון „סטרייק" אין מיין האַנט,
— געפירט פון דעם גלויבן וואָס שיינט פון מיין בליק,
אַנטקעגן דער „שאַפ", וואו איך שאַף נאָכאַנאַנד,
און גיי דאָ אַרום צו דערגיין צו מיין זיג.

עס טראָגט ניט אַרויס זיך פון פענצטער קיין רעש,
און ס'קלאַפּט אין פאַבריק ניט דאָס ראָד אין געדריי;
— געאיילט צום' באַשאַף און מיט אימפעט פון מי,
ווי ס'גייט מיר מיין טאָג מיט געקלאַנג נאָר פאַרביי.
צעשיידט מיט מאַשין, פון דער אַרבעט אַוועק,
וואָס האָט מיך געהאַלטן, פאַרפרעמדט פון די טעג,
אין שווייגן געבויגן, פאַרטאָן אין גערויש;
— איך זאָל ניט פון אומרעכט געאייניקט אַרויס;
— דער טאָג זאָל פאַרמעקן די נויט שוין פון מיר,
איך זאָל אויך דערפילן פון פרייד דעם באַריר.

# אין טאָג פון מאַי

מאַי —
דיין נאָמען צינדט אַ יום־טוב אָן אין מיינע אויגן,
און שיילט מיט זון אַראָפּ די שווערע וואָך פון מיין געזיכט,
געדריי פון ראָד זאָל ניט מיין רו פאַרטרייבן מיט געקלאַנג.
און ווי דער טאָג, וואָס הייבט זיך אויף צעגליט פון ים,
באַדעקט אין הייך דעם שאָטן פון דער נאַכט מיט פלאַמען ליכט;
— דערהייבט פון עלנט מיך מיין בליק צום פרילנגדיק געזאַנג,
צעשניידט דעם עול וואָס האָט זיך איבער מיר געצויגן,
איך זאָל זיך שפּיגלען היינט אויך אין דער שיין פון פלאַם,
אין טאָג פון מאַי.

מאַי —
דיין נאָמען פלאַסטערט־אויס די שליאַכן צו מיין מאָרגן,
— די עכאָ פון מיין אויפטו זאָל מיר פעסטיקן די טריט.
און ווי דער וואַלד אין שיין וואָס יובלט רוישיק מיט געזאַנג,
צעהענגט אויפסניי די פרייד פון פייגל אויף דעם בוים;
— ווערט אין באַגין דער טאָג מיר אייגן מיט זיין שיין און קלאַנג;
— דערהייב איך זיך מיט כוח צום יום־טוב מיט אַ פריי־געמיט,
די נויט זאָל מיר ניט נאָכגיין אין דער וועלט פאַרבאָרגן;
— מיין זיין דאָ זאָל אויך פינקלען ווי אַ שטראַל אין רוים,
אין טאָג פון מאַי.

# ניט אַלע מאָל
(סאָנעט)

ניט אַלע מאָל קומט אָן דער טאָג מיט פאַרבן צו מיין בליק,
ווי כ׳וואָלט געווען פאַר׳משפט נאָר פון רו אַוועקגעקערט,
און ווירבלען אין אַ וועלט דורך קאָרידאָרן אויף דער ערד;
און תמיד זיין, ווי טאָג מיט נאַכט, מיט זיך אַליין אין קריג.

קומט זעלטן אָן פון פעלד און וואַלד צו מיר די פרייד פון רו,
עס זאָל ניט מיין געדאַנק נאָר זיין, ווי אויף אַ יאָר־יאַריד
און ניט פאַרטראָגן מיך אין וועג מיט האַרבסט אין גאַנג פון טריט,
וואו כ׳בין אַלץ נענטער ניט געקומען צו דעם גליק נאָך צו.

און מיט מיין ליד פון טאָג, וואָס טראָגט זיך צו דער וועלט אַרויס,
זינגט מיט מיין האַרץ דאָ אויך דאָס ריטמישע געזאַנג פון ברויט,
און שטענדיקן געראַנגל אין דעם לעבן מיט דער נויט.

און כאָטש ניט איינמאָל ווערט מיין קלאַנג פאַרלוירן אין גערויש,
פון נייעם אויפלעב נאָכבאַגלייט אין טאָג פון שטאָל און שטיין;
צעטראָגט זיך האָפענדיק מיין ליד נאָך אין דער וועלט אַריין.

## קאַרגע פרייד
(סאָנעט)

די ערד, וואָס האָט געהאַלטן מיינע יוגנט טעג,
געפירט, איך זאָל דאָס נייע לעבן איבערנעמען;
האָט ניט פאַרהיט עס זאָל מיך קיינער ניט פאַרשעמען,
ווען טרעפן כ׳וועל אַ ווידערשטאַנד אויף ווייטן וועג.

געטראָגן האָט די ערד, און טראָגט מיך נאָך ווי בלינד,
אויף אירע שווערע וועגן ווי דורך בערג און טאָלן;
און וואו איך קום, מוז איך מיט אַנגסט און מי באַצאָלן,
ווי ס׳וואָלט די וועלט געשטראָפט מיך נאָר פאַר פרעמדע זינד.

און וויפיל טעג די אַרבעט האָט מיר צוגענומען,
געצאַמט געהאַלטן מיך פאַר ברויט אַלץ אין פאַבריק,
געוואָלט צעשטערן צו מיין נייער וועלט די בריק, —

האָט שיין פון קאַרגע פרייד מיך ווי אַוועקגענומען,
דערהויבן פון דער וואָך, פון שטאָליקן געקלאַנג,
געלייטערט אין דער וועלט, פון נויט מיר מיין געדאַנק.

# אין וואָכנדיקן יריד

נאָך אַ טאָג,
פון מיינע טעג,
האָט צעהאַנדלט זיך מיט מיר אויך אויף דער ערד,
און דאָס פֿאַרהאַנדלט, פֿאַר מיין ווערד.
גיב איך אָפּ דאָס רייכסטע דאָ פון מיין פֿאַרמעג;
— מיין געדאַנק, מיין מי;
— צו באַרייכערן דער וועלט,
וואו ס׳זיינען אויך דאָ טעג פון קאַרגע פרייד,
מיט נעפּלען ווי פֿאַר מיר פֿאַרשטעלט,
אין רוישנדיקן הי.
גייט מיין אויפטו איבער,
פון פרימאָרגן נאָכאַנאַנד,
פון האַנט צו האַנט,
וואָס געוועלטיקט איבער מיר,
מיט מיין יעדערן באַריר
און געוועלטיקט מיך אַריבער,
אין די טעג מיט זאָרג באַגלייט,
ביז צום זון־פֿאַרגאַנג.
נאָך אַ טאָג,
פון מיינע טעג,
האָט צעהאַנדלט זיך מיט מיין פֿאַרמעג;
— מיט מיין מי, מיט מיין יעדן גליד,
אין שטאָליקן געקלאַנג,
אין וואָכנדיקן יריד.

## איבער מיר

איבער מיר
געוועלטיקט אין דער שטאָט
דער טאָג.
גיי איך נאָך דאָ מיט זיין גאַנג,
פאַרפרעמדט נאָר פון דער רו,
אין שטאָלנדיקן שפיל.
שפילט דער טאָג זיך מיט מיין מי,
מיט מיין באַשאַף,
אונטער רויך און אין גערויש,
און פאַרשפילט אַזוי אַלץ מער,
שעה נאָך שעה,
ביז זונפאַרגאַנג.

## אויפשיין

יעדער אויפשיין פון טאָג
איז פאַר מיר אַן אָנהייב צו אַ ציל
צו באַרואיקן מיין קאַרגע רו
אין נעפלדיקן רויש
אין שטאָט.

יעדער אויפשיין פון טאָג
איז פאַר מיר אַן אָנהייב צו אַ שפיל,
צו פאַרשפילן זיך אין קאַרגע פרייד,
אין נעפלדיקן רויש
אין שטאָט.

# אינדערפרי

גיי איך פרי מיט שלאָף באַגלייט פון שטוב אַרויס,
שלינגט ווי נעכטן אויך מיך איין דער טאָג גערויש;
לאָז איך זיך אַוועק אין שטאָט מיט גיכן שפּאַן;
צי עס איז פאַר מיר אויך עפּעס פרייד פאַראַן.

אייל איך מיט באַגין אַריין שטיל אין פאַבריק,
ווערט פון רעדער־לויף מיר ווי פאַרבלענדט מיין בליק.
איינגעשפּאַנט ווער איך פון טאָג באַלד אויך אין יאָך;
— און איך טרייב די שעהן פון דער שווערער וואָך.

און איך לאָז ניט מיין מאַשין זאָל בלייבן שטיל,
כאָטש איך האָב פאַר זיך אַלץ פון מיין מי ניט פיל.
דאָך באַוואַכט ווערט, טאָג, פון זייגער אויף דער וואַנט
— כ׳זאָל ניט לאָזן פון דער אַרבעט פריי מיין האַנט.

טרייבט געלויף פון ראָד אַוועק פון פרי — די רו,
לאָזט די שיין פון דרויסן צו מיין בליק ניט צו;
איילן זאָל זיך די מאַשין מיט רויש געקלאַנג,
ביז די ווייט וועט צינדן זיך אין זון־פאַרגאַנג.

## אינדרוויסן

מיט דעם טאָג ליכט,
וואָס שיילט זיך פון דער נאַכט אַרויס
און קוקט אַריין אין פענצטער פון מיין הויז,
ווי מיט אַ שטראַלנדיק געזיכט —
צעלייגט אויף מיר זיך ווי מיט שווערער וואָג;
— די מהומה פון דער שטאָט.
קומט אין האַרץ צוריק פון אויסדויער — די לייד
און פאַרטרייבט פון נאַכט־חלומות מיר — די רו —
דעם יום־טוב פון אַן אויפבליצונג פון פרייד.
— גיי איך צו דער שיין פון פענצטער צו,
מיט דערוואַרטונגען צום נייעם' אינדערפרי,
איך זאָל דערהויבן ווערן פון מיין מי.
בייג איך איין ווי נעכטן נאָכאַמאָל מיין קאָפּ,
און קוק אַן אומרואיקער אויף דער גאַס אַראָפּ;
ווערט מיר וואַכנדיק מיין טאָג,
וואַכנדיק מיין גאַט.

# צ ע ט י י ל ן

נאָך פרי אין פרילינג מיינעם אויף דער פרייער ערד,
נאָך איידער מיין געדאַנק איז רייף געוואָרן מיר, —
ווי כ׳האָב דעם אָפּקלאַנג פון דער גרויער וואָך דערהערט; —
— האָט שוין דאָס לעבן מיך ווי אָפּגעטיילט פון גליק;
— צעעפנט ברייט פאַר מיר פון נויט די פרעמדע טיר,
און ווי פאַרמשפט מיך אויף לאַנג צו שווערער מי;
— איך זאָל צעטיילן, טעג פון יוגנט, אין פאַבריק.

נו, גיי איך צו דעם אויפבוי, יעדן אינדערפרי,
פון שעהן רו און נאַכט־חלומות אויסגעטאָן, —
אַ פרעמדער אין געוויש פון פרייען טאָג אַוועק,
ווי אָפּצוצאָלן חובות מיט דער שיין פון טעג,
ווי כ׳וואָלט געווען דאָ אַ בעל־חוב פון אייביק אָן,
צו בעלי־בתים וואַרטנדיק נאָך מיינע הענט;
— איך זאָל מיין ראָד צעיאָגן פון מאַשין אין אייל,
עס זאָל ניט ווערן פון באַשאַף קיין צייט פאַרלענד;
— איך זאָל אַ טראַכט נאָר טאָן פון מיינע טעג אַ ווייל.

# אין שיין
(סאָנעט)

די וואָכנשיין פון מאָרגנס רייסן מיך פון הויז אַוועק,
איך זאָל אויפסניי מיין טאָג, מיין מי, אָפּגעבן אין פאַבריק;
צעברענען הינטער מיר פון יוגנט שטיקער פון מיין בריק,
און וואַרפן זיי אין טיפן, אין דעם טייך פון מיינע טעג.

און מיט דעם עול וואָס שפּרייט נאָך אומרו אויס פאַר מיינע טריט,
וואו כ׳גיי פון טאָג צעשיידט אַוועק, און ניט באַגלייט פון אים;
— גייט ניט פאַרלוירן אין מיין האַרץ פון האָפענונג מיין שטים,
ווייל נאָכאַמאָל ווער איך אין ליכט געבוירן מיט מיין ליד.

און כאָטש דער וואָרצל פון מיין וועלט איז ניט צעבליט ווי מאַי;
— דערוואַקסן אין פאַבריקן ביי די רעדער פון מאַשין;
— האָט רויש פון ברעקלענדיקע שעה׳ן ניט פאַרכאַפּט מיין זין.

און מעג דער שאָטן פון דער נויט ניט לאָזן מיך נאָך פריי,
איך זאָל זיך מיט מיין גורל ראַנגלען אין דעם שטאָל געברויז;
— וועט דורך דעם רויך פון נעכטנס צו דער וועלט מיין ליד אַרויס.

# אין וואָכן־טעג

...צעטייל איך מיינע טעג, די ראָד זאָל לויפן אין פאַבריק,
און לאָז פון פרי דעם אויפשיין הינטער טריט;
דאָס לעבן זאָל מיר אין אַ יום־טוב שיינען פון מיין בליק,
כ׳זאָל אויך דערפילן אויפלעב אין געמיט.

געקומען בין איך זיין אַ שומר איבער פרעמד פאַרמעג,
און זיין מיט גליק ניט נאָענט אין דער וועלט,
עס זאָל די נויט ניט שיידן זיך מיט מיר — אין אייל פון טעג;
— וואָס ווערן אויך פאַר מיר מיט זון באַהעלט.

פאַרגייט אין שווייגן נאָך אַ טאָג, וואָס האַלט מיך אין געפאַנג,
דערטרונקען אין גערויש פון רעדער־לויף,
ווי ס׳קען די רו מיך ניט דערגרייכן דורך דעם שטאָל־געקלאַנג,
וואָס וואַרפט אויף מיר זיין אומרו בייז אַרויף.

פאַרגייט דער טאָג מיר, ווי אַ שניי־באַרג ניט פאַרצאַמט פון ווענט,
וואו איך צעטרייב די שעהן מיט געאייל;
און כאָטש דער זון־פאַרגאַנג אין דרויסן מיינע אויגן בלענדט,
דערזע איך שיין פון טאָג — נאָר בלויז אַ ווייל.

# מ אַ ש י נ ע ן
(סאָנעט)

2

עס לויפן רעדער אין געאייל און דרייען זיך אויף וואַלצן,
און מעסטן שעה׳ן פון דער צייט, וואָס שאַרן זיך צו זיי,
ווי אויסגעמאָסטן ווערן און אַנטלויפן פון געשריי,
וואו שטעפּעריי פון בלאַנקע נאָדלען אויף מאַשינען טאַנצן

און נאָך געלויפעניש, געיאָגט פון רעדער און מאַשינען;
לויפט מיט אַ כוח אַ נעץ פון רימענס איבער וואַלץ און ראָד,
ווי איינגעשפּאַנט אין לייצעס פון אַ שטאָל צעברויזטן גאָט,
וואָס טרייבט דאָס לעבן אין פאַבריק דאָ ווי אַראָפּ פון זינען.

צעטראָגט זיך דורך די פענצטער דער גערויש פון שטאָל און אייזן,
צערייסט די העלע רו אין דרויסן איבער שטאָק אין הויך,
וואו ס׳גייען שעה׳ן ליכט אין אייביקייט אַוועק אין רויך.

עס לויפן רעדער אין געשפּאַן, דאָס הויז ניט אויפצורייסן,
און איבער זיי, אַרויף, אַראָפּ באַוועגן זיך נאָך הענט;
— צעטרייבן די מאַשינען אין אַ וויכערנדיקן בלענד.

## ר ע ד ע ר
(סאָנעט)

1

די רימענס אויף מאַשינען, רוען דורך דעם טאָג ניט איין,
צערעדערן די שעהן ליכט אין רעדער־דרייערײַ,
און ווילן ניט פון אײַלעניש אַ רגע ווערן פריי,
און פאַלן מיט אַ שווייגעניש אין רואיגקייט אַריין.

מאַשינען לאַכן אויס די טעג, וואָס גייען מידע אָפּ,
געטריבן און צעברעקלט מיט אַ ווילדיקן געררויש,
וואָס האָבן ניט געלאָזט פון זיך אַ פרייע שעה אַרויס;
און נאָכגעוואָרפן שטאָליקן געקלאַנג אין גאַס אַראָפּ.

די רעדער פון מאַשינען מאָלן און צעמאָלן — צייט,
און אײַלן צו דערגרייכן דורך דעם ברויזן צו דער נאַכט,
און וואַרפן טעג אַנטקעגן, וואָס זיי האָבן אומגעבראַכט.

דאָס לעבן לויפט מיט צילן, ווי צעריסן צו דער ווייט,
לאָזט איבער הפקר, טאָג נאָך טאָג ניט אויסגעלעבט אין זיי,
און אײַלט וואָס גיכער נאָך אַמאָל צום מאָרגנדיק געשריי.

# אין נעאַיל

אינדערפרי
צום באַשאַף און מי,
לויפט מיט מיר די סאָבוויי
אויף רעלסן — בלאַנק און לאַנג
אין געדריי,
אונטער טיפן — מיילן ווייט אין שטאָט.
און מיט דעם ווילדיקן געלויף,
איילט מיט די אומגעדולד — ס'איז שפעט! —
מיט געקלאַנג פון ראָד נאָך ראָד;
— טיק־קליק, טיק־קליק, טיק־קליק,
שפעט, שפעט, — ס'איז שפעט,
און דער וועג אַהין איז ווייט נאָך דאָרט.
פאַלט אויף מיר די שרעק אַרויף,
און איך הייב זיך אַלץ נאָר פון מיין אָרט.
צינד די אומרו אָן מיין בליק
און הייבט מיך פון מיין פלאַץ שוין אויף,
ווי אַ וועכטער אין דער לעצטער שעה פון נאַכט.
און פון אַנגסט לויפט גיך דאָס בלוט אין מיר,
מיט דעם שטאָלנדיק געקלאַנג.
און מיט דער באַן וואָס איילט מיט אומגעדולד באַוואַכט,
— לויפט נאָך מיין אָטעם הויך מיט יעדן ריר,
אין יאָגענדיק געפאַנג,
צו דערגרייכן נאָך — ביי יענעם ראָג,
די אָנהייב שעה פון אַרבעטס טאָג.

# נאָך אַ טאָג

1

און ווידער האָט געוויש פון טאָג, מיין רו פאַרטריבן;
— געוופן האָט די וועלט מיך צום באַשאַף.
פון חלום מיינעם, איז מיר בלויז אַ רויך פאַרבליבן,
וואו כ׳האָב דערזען מיין אויפשיין, אין מיין שלאָף.

איך האָב היינט אויך געמומען גיין דעם׳ טאָג אַנטקעגן,
מיין בליק זאָל ווערן פון דער זון דערפרייט;
— דאָס לעבן זאָל מיט האַרבסט ניט נאָכגיין מיר אויף וועגן,
איך זאָל ניט בלויז מיט עלנט גיין באַגלייט.

2

מענטשן נאָך מיט שלאָף אין בליק, פון חלום ניט געשיידט,
איילן אין דער גאַס פאַר מיר פאַרביי,
ווי זיי וואָלטן פון דעם טאָג אַנטלאָפן ערגעץ ווייט;
— פון געוויש פון שטאָט צו ווערן פריי.

און אַליין אויך אַ געיאָגטער, אייל איך אין געדראַנג;
פלאָנטער זיך אַ פרעמדער אויפן וועג.
אויך ווי זיי איך שייד זיך מיט מיין טאָג, ביז זון־פאַרגאַנג;
— גיי צום אויפבוי, צו באַשאַף אַוועק.

# אין רויש פון רעדער

עס וויגט מיך איין דער רויש פון רעדער אין פאַבריק;
— צעעפנט פאַר מיין בליק אין ווייט אַ וועלט,
וואו כ׳האָב אַמאָל מיין ערשטן טראָט געשטעלט
און ס׳האָט דאָס לעבן מיך באַגעגנט ווי מיט גליק.

און אין געראויש קלינגט אָפּ אַן־עכאָ פון מיין פרייד,
וואָס כ׳האָב געלאָזן הפקר אויף מיין וועג,
און ניט געציילט פון פרילינג מיינע טעג,
כאָטש נויט, האָט מיך אין יום־טוב, ווי מיט וואָך באַגלייט.

ווי כ׳צייל פון נאָדל ניט די שטעך אויף דעם געוואַנט;
— צעגייען אומגעציילט די טעג פאַרביי.
נו, קוק איך אין מיין דמיון נאָך אויף זיי
אין דעם געאייל וואו ס׳לויפט די אַרבעט פון מיין האַנט.

און ווי איך הער פון זייגער ניט אין רויש זיין קלאַנג,
וואָס טרייבט די שייך פון טאָג פון מיין מאַשין,
פאַרנומען האָב איך ניט פון בייז — דעם זין,
כ׳זאָל פילן ווי די רו פאַרגייט פון מיין געדאַנק;

— ווערט גוט אַזוי צו טרייבן פון באַשאַף דאָס ראָד,
דער אומרו זאָל ניט פאַלן אויף מיר שווער —
און קוקן שטום „אויף דעם אַמאָל" נאָך מער;
— ווי פריידיק ס׳איז געווען אויף דער ערד מיין טראָט.

## פון אַ בריוו

...צעוועקט זיך אין נאַכט־שעה דער ווילן אין מיר
ניט זיין מער געצאַמט הינטער קיינעמס באַפעל;
נו, מוז איך פאַרהאַלטן מיין שטים הינטער טיר
און זיין ווי אין ווינטער, דער פאַסטוך אין פעלד,
ווי לאַנג נאָך עס פראַקטיקט דאָס רשעות אַלץ מער?
אָ, וועב איך אין שוויגן, געפעלצט ווי מיט פעל,
נאָך מיר צו באַלייכטן מיין טאָג פון באַגער,
מיין בליק זאָל מיר ברענגען די רו אין מיין וועלט.
און כאָטש איך דערשפיר הינטער מיר אויף מיין וועג,
ווי ס'וויגט זיך אַ שאָטן פאַרויס פון מיין טראָט,
מיט לאַפּעס אַריבער מיין קאָפּ ווי מיט שפּאָט.
פאַרשליס איך מיט שוויגן מיין מויל ניט פון שרעק
און בייג ניט מיין קאָפּ דאָ צו גיין ווי צוריק,
וואו ס'וועבן די שאָטנס ווי פישער — די שטריק,
צו פלעכטן אויף וועגן אַ נעץ הינטער מיר.

9

עס שטייט דער וואַלד פאַרטאָג פאַרהילט אין גרויען נעפּל,
ווי אַ באַרג וואָס ציט אַוועק זיך צו דער נאַכט,
דערגרייכט פון הויך דאָס ליכט קוים אויף דעם וועלק פון בלעטער,
— ווי צו טאָן אַ בליק פון קאַלטן האַרבסט — די מאַכט.

און ווי דער אָפּקלאַנג פון גערויש פון וואַסער־פאַלן,
וואָס לאָזט די רו פון רוים ניט גיין פאַרביי,
צעטרייבט דער ווינט אין וואַלד, גערויש פון ביימער;
— די וועלט זאָל הערן פון דעם האַרבסט — ס׳געשריי.

10

פון געזאַנג פאַרלאָזן, שטייט דער וואַלד אין גליוועך,
מיט פאָסן פראָסט און איינגעהילט מיט שניי.
צינדט די זון אויף אָן די ביימער אין פרימאַרגן,
צו וואַרעמען די שטאַמען פון דאָס ניי, —

וואָרצלען אין די טיפן, זאָלן קרעפטיק ווערן,
און גרייטן זיך מיט רייפקייט צו דעם בלי —
גליט דער וואַלד ווי אויפגעשיינט פון פייער־זיילן,
ווי נאָך אַ נאַכט, אין פרילינג אינדערפרי.

7

שווימט אַ כמאַרע און באַפלעקט דעם בלויען הימל;
— גייט דאָס פינצטערניש אַרונטער באַלד,
איילט אַ ווינט און הייבט דאָס וועלק אויף פון די פעלדער,
און באַדעקט מיט וואָלקנס שטויב דעם וואַלד.

ווערט די ערד פאַרזייט מיט בלעטער פון דיביימער,
און געראַוש צעהענגט אַ שרעק אין רוים,
לאָזט מיט בליץ אַראָפּ אַ רעגן זיך פון הימל,
און באַלייכט דעם ווינט, זיין וועג צום בוים...

8

ליגן אַנגעוואָרפן רעשטלעך פון דעם זומער;
— בערג מיט בלעטער אויף דער ערד אין וואַלד,
פאַלן שטראַלן פון דער זון נאָך אויף די צווייגן,
— לעשן זיך פון וואָלקנס, שווער און קאַלט.

שטייען ווי אין בערג די ביימער איינגעגראָבן,
שפּיצן זיך צום הייך, פאַרגליווערט שטום.
איבער צווייגן אָפּגעשיילט שוין פון דעם זומער,
פליען קראָען מיט דעם האַרבסט אַרום.

5

קומט מיט ווינטן אַן אַ שטורעם אויף דיביימער,
פאַלט אַרויף מיט כעס אויף זיי,
ווערט אַ לייבן־בילעריי און לופט צעהאַנגען;
— פון דעם זומער אַ געשריי.

רייסט דער אומרו שטיקער יאָרן פון די ביימער,
הייבט די וואָרצלען פון דער ערד,
און באַהאַגלט בייז און ווילד דעם וואַלד מיט בלעטער,
און מיט צוויט וואָס ליגט צעשטערט.

6

קראָען קוואָקען אויס דעם האַרבסט אויף ביימער
און צעהענגען וועלק אויף זיי.
הייבט זיך פון דער ערד געטרויש פון בלעטער,
פון אַ ווינט, וואָס לויפט פאַרביי.

בלאָנדזשען אין דער הייך אַרום נאָך פייגל,
פליען דורך דעם וואַלד מיט שרעק,
זוכן אום די היימען אויף די צווייגן,
און אַ שפור פון זומער־טעג.

3

עס האָט דער ווינט צעשפּילט זיך מיט די ביימער;
גייען בלעטער אין דעם וואַלד אַ טאַנץ.
צעפליען זיך די פייגל אין די הייכן, —
אין פאַרגיין פון פייערדיקן גלאַנץ.

פאַרשיכורט איז פון שפּיל דער וואַלד געוואָרן,
און צעוויגט פון ביימער דאָס גערויש;
פאַרשלינגט דער ווינט אין אייל, געזאַנג פון פייגל:
שרייט פון שרעק דאָס בלי פון וואַלד אַרויס.

4

גייט פון הייך מיט קעלט אַ דראָבנער רעגן,
אויף דעם וואַלד פון רו געשיידט;
פאַלט און פאַלט דער זומער פון די ביימער,
מיט געוואַי פון ווינט באַגלייט.

וואַלגערט זיך דער זומער ווי אין וואַסער.
אויף דער בלאָטיק שוואַרצער ערד,
און די פייגל־נעסטן אויף די צווייגן,
ווערן אין גערויש צעשטערט.

# דער וואַלד אין האַרבסט

1

קומען אָן אין וואַלד מיט קעלט די שוואַרצע קראָען,
שטעלן אויף די ביימער זיך מיט ראָש אַוועק;
לעשן אויס די פרייד פון פייגל אין דעם פליען,
און באַפלעקן שטיקלעך שיין פון פרייע טעג.

ווערן קלאַנגען פון פאַרגיין אין הייך צעהאַנגען,
וואָס צערייסן פון די פייגל דאָס געזאַנג;
טראָגט אַרויס זיך פון דעם וואַלד אַ טרויער־ניגון,
פון אַ זומער, וואָס צעשווימט אַזוי אין באַנג.

2

טרייבט דער ווינט אַרויס פון וואַלד דעם זומער,
און לאָזט די ביימער מער אין בלי ניט זיין,
לויפט אַדורך אַ ציטער דורך די צווייגן;
— פון טעג וואָס קומען אָן מיט קאַרגער שיין.

שיילט די קעלט אַראָפּ דאָס גרין פון ביימער,
און ווינט נאָך ווינט צערייסט אין וואַלד די רו.
זשאַווערן די בלעטער פון דעם רעגן,
וואָס לאָזט די זון שוין אָפּט צו זיי ניט צו.

דערטראָגט זיך שוין צו מיר און שלינגט מיך איין אין רויש.
און פון דעם טומל דוכט זיך מיר ווי ס׳שרייט צו מיר,
דאָס לעבן פון דעם ווייטן לאַנד ;
— „קום צו מיר דורך נייע וועגן,
צו דערגאַנצן דיין ניט נאָך דערגרייכטן ציל״.
— אָט איז דער שטאָליקער־געפּלעכט דאָרט פון דער בריק,
וואָס גייט צעשיידן מיך שוין פון דער אַלטער וועלט.
די בריק,
די גרענעץ צווישן וועלטן צוויי.
די לאַנגע בריק,
זי ליגט נאָך אויסגעצויגן ווי אַ לייב,
מיט לאַפּעס אָנגעשפּאַרטע אין דער טיף פון טייך.
און אויף דעם רוקן פון דער אייזן־חיה,
דראַפּעט זיך אַרויף מיט מיר אין ווילדן קלינגעריי —
דער טראַמוויי.
איך קוק פאַרטערערט אַרום זיך נאָך אַמאָל
און עפּעס דוכט זיך מיר :
— דער שטאָליקער גערויש פון בריק,
וואָס הייבט זיך אויף איצט איבער מיר דאָ צו דער באַן,
שרייט אַנטקעגן מיר אין וועג ;
— „איך וועל דיר אין דער פרעמד אויף בריקן לייגן,
אונטער דיינע פיס, און גיין אַהין,
צו דער נייער וועלט״.

נ. י. 1918

גליטשט אַ טראַמוויי זיך אַדורך געאײלט פון פערד.
דער פורמאַן מיט אַ שווערע האַנט,
— קלינגט און קלינגט אין מעשענעם גלאָק:
— גלינג. גלינג. גלינג.
אויף אַזאַ טראַמוויי,
בין איך דעמאָלסט אויך דאָ דורכגעפאָרן.
אָט זיץ איך דאָרט מיט מיין וואַליזע אין דער האַנט,
קוק אַרויס מיט אומרו פון אַ פענצטער
און עס שלענגלט זיך פאַר מיר פאַרביי:
— גאַס נאָך גאַס וואו ס׳שוועבט מיין יוגנט נאָך אויף זיי.
לעבן מיר,
זיצן קרובים מיינע מיט אַ נאַגנדיקן אומעט.
מיין טאַטע, ביי מיין זייט פאַרטיפט שטיל אין געדאַנקען,
און מיט ברכות אויף די ליפּן בענטשט ער מיך אין שוייגן:
— איך זאָל בשלום גיך דערגרייכן צו מיין ציל.
דער וואַכנדיקער טומל פון דער גאַס,
פאַרשלינגט די רייד פון מיין משפחה און חברים,
וואָס רעדן לאַשטשענדיק צו מיר,
און באַהאַרכן מיך מיט ליבע צו דעם וויטן לאַנד.
ביי יעדן ראָג,
וואו עס גיט דער טראַמוויי זיך אַ דריי אַריין,
צערודערט מיר פון אומגעדולד מיין האַרץ.
איך פיל אין יעדן צאַפּל פון מיין גוף;
דרייט אַוועק זיך ס׳לעבן פון די קינדער־טעג
און ווערט צעטראָטן מיט די פּאַדקאָוועס פון פערד,
וואָס שלעפּן נאָך זיך הינטער מיר אין וועג.
— אַ געבריל פון שטיין און אייזן אין דער לופט,

באַהאַנגען מיט אַ שווייגן פון די הויכע גראָזן.
אין אַ נעפּלדיגן טאָג,
האָב איך זיך דערזען דאָ ביי דעם קבר שטיין.
לעבן מיר אַן אַלטער ייד.
ווערטער פון אל־מלא־רחמים,
טראָגן זיך אַריין אין מיינע אויערן,
באַגלייט הויך מיט אַ טרויער אין זיין קול.
די האַלב־אָפּגעמעקטע אותיות פון שטיין,
נעצן זיך פון מיינע שטילע טרערן.
איך בין געקומען ווי דאָס לעצטע מאָל אויף קבר־אָבות;
— אַ טאָג פאַר מיין אַוועקפאָרן — קיין אַמעריקע.
געקומען זיך געזעגענען און אפשר שוין אויף אַלע מאָל?
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
און ווייטער,
נאָך אַ פּלאָנטער פון געדרייטע ענגע געסלעך,
מיט דער אָרעמקייט נאָך ביי די ווינקלען פון די הייזער.
אַלע גוט־באַקאַנטע גאַסן פון מיין שטאָט.
דאַכט זיך, אַז עס רוישן נאָך אויף וועגן און אין הייף,
דער קלאַנג פון אויסגעשריי אין מיינע זומער טעג.
און ס׳הענגען אויך אויף מויערן און טעלעגראַפן־דראָטן,
נאָך דאָס לאַכן פון די קינדער יאָרן.
נאָך אַ גאַס.
אויף די טראָטואַרן איילן מענטשן היינט אויך ווי אַמאָל.
אויף דעם שטיינערדיקן ברוק אין מיטן וועג,
שלעפּט אַ פערד פאַרמאַטערט שווער אַ וואָגן האָלץ פאַרביי,
אַנטקעגן לויפט אין פערד געשפּאַן אַ קאַטש מיט הויכן רעש.
צווישן זיי —

דער אַלטער בית־הקברות;
איך האָב אים מיט מיין ערשטן בליק דערקאַנט.
אויף דעם לאַנגען באַרג,
די האַלב־פאַרזונקענע מצבות אין דער גראָזן־ערד,
האָבן פון דער הייך געקוקט מיט אויסגעמעקטע אותיות,
באַגרינט מיך מאָך.
אונטן פאַר דעם באַרג,
די אַלטע בענק זיך אָפּצורוען אויף אַ ווייל פון וועג,
שטייען ווי אַמאָל נאָך הינטער איינגעבויגטע ביימער.
דער קברות־מאַן
האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַנג,
ווי פאַרוואונדערט מרה־שחורהדיק געקוקט אויף מיר.
איך האָב געטאָן אַ ציטער עפּעס פון אַ פּחד
און מוראדיק אַריינגעקוקט אין זיינע גרויסע אויגן.
האָט ער אפשר מיך דערקאָנט צווישן אַלע אין טעאַטער?
דערציילט מיט זיינע ליפּן פון מיין טאַטנס טויט,
און מיט שטומע בליקן אָנגעוויזן מיר זיין קבר?
דער בית־עולם.
ווי לאַנג ערשט, ווי עס האָט מיין פוס געטראָטן דאָרט?
מיט מיין טרער באַנעצט די שטילע ערד?
און ווייטער,
פון אַ שורה קברים אויף אַ ווילד באַגראָזטן וועג,
האָט ווי אַ שטום־געבויגענע זקנה, דאָרט אַרויסגעקוקט אויך אַ מצבה,
און מיט יאָרן טרויער ווי צו מיר געבליקט.
איך האָב די אויגן מיינע גרעסער אויפגעמאַכט;
— אַ מצבה!
נאָך איז מיין מאַמעס נאָמען אויסגעקריצט אויף איר.

דער גאָרטן.
וויפל שעהן פרייד האָב איך געלאָזט דאָרט הפקר?
וויפל טרוימען האָב איך אויסגעוועבט אין שעה פון רו,
און כ׳האָב זיי אויף די צווייגן איבער מיר צעהאָנגען?
דאַכט זיך —
אַז מיין בליק דערזעט מיין האַנט נאָך אויף דעם דעמב;
— אָט שנייד איך אויס זיך מיט מיין מעסערל אויף אים אַ בילד:
— אויגן פון אַ מענטש;
— קוקן זיי צום גאָרטן פון דעם בוים אַרויס
און קוקן איצט אַראָפּ צו מיר אין קינאָמאַטאָגראַף.
צו האָב איך יענעם טאָג געחלומט און געוואוסט,
אַז כ׳וועל דעם אויסשניט אויף דעם אַלטן בוים,
דערזען אויך אין ניו־יאָרק?

און ווער איז דאָס געווען, דער אַלטער ייד,
וואָס האָט צו מיר געקוקט דערשראָקן פון דער גאָס?
— פון דער ברייטער גאָס.
„ר׳ חיים־נחום״, מיין טאַטנס גוטער פריינט,
איך האָב אים אין זיין קאָלטן־באָרד דערקאָנט.
דאַכט זיך נעכטן בין איך דורך זיין קראָם פאָרביי
און צו אים געזאָגט — „גוט־מאָרגן — ר׳ חיים־נחום״.
באַפאַלן פון אַ בענקעניש נאָך יענע טעג,
וואָס האָט געוועקט אין מיין זכרון מיר די בילדער;
— האָב איך ווייטער אַלץ געקוקט נאָך אויפן ווייסן לייוונט.

אַ בית־עולם.
האָב איך אין געאייל פון בילד דערזען, —

און קוקן לאַכעדיק אַרויף צום פאַרבנדיקן שפּריץ,
וואָס שפּריצט מיט רויש אַרויף און פאַלט מיט רויש אַראָפּ.

און מיט אַ מאָל,
אַ בלענד פאַר די אויגן, —
מיין נאָענטער חבר נאָך פון חדר.
מיט אים אַ. פלעג איך אין די פרייע טעג ;
די יום־טובדיקע שעהן פריידיק נאָר באַזינגען.
— דער ייד מיט קנייטשן אויף זיין פּנים,
דער פרי פאַרעלטערטער מיט יאוש אין זיין בליק,
וואָס האָט געקוקט צו מיר מיט ציטער אין די אויגן.
— אפשר האָט ער מיך דערקענט אַצינד,
אין קינאָמאַטאָגראַף ?
נאָך איידער כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן,
האָט ווייטער דאָרט דער גאָרטן זיך גענומען שלענגלען,
מיט זיין זומער אויפן ווייסן לייוונט.
איך האָב דערזען באַדעקט מיט זון אַ לענגלעכע אַלעיע ;
— דער וועג אַ גרין־באַבוימערדיקער הייל.
ביי אַ גראָבן דעמבע בוים,
וואָס האָט נאָך מיט זיין הייך אַרויסגעקוקט מיט זון,
שטייט פון יאָרן אָן די זעלבע באַנק.
וויפל מאָל בין איך אויף איר געזעסן מיט מיין יוגנט ?
ניט איין שעה האָב איך מיט חברים דאָרט פאַרבראַכט מיט פרייד.
ביים זון־פאַרגאַנג געקוקט מיט בענקשאַפט אין דער ווייט אַוועק.

דערציילט אַמאָל פון אויפטו מיינעם אויך פאַר איר,
וואָס האָט זיך צוגעהערט פאַרחלומט צו די רייד.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיינען אַלע ווי איין עדה ווייגענדיק מתפלל —
געוואַלט שוין לייכטער ווערן פון די לעצטע זינד
און געלייטערטע דערגרייכן, צום באַשעפער פון דער וועלט
און פאַלן מיט דעם פנים צום כסא־הכבוד.

איך קוק אַלץ ווייטער אויפן לייוונט,
— אַ גאָרטן.
דער גרויסער גאָרטן פון דער שטאָט.
הינטער ברייט־געצווייגטעביימער אויף די גרינע בענק,
זיצן יידן מיט דער רואיקייט פון שבת אין די אויגן,
און קוקן אויף די שאָטנס פון די ביימער אויף דער ערד.
אויף די צווייגן איבער קעפ פון מענטשן,
שפּילן פייגל זיך מיט ציטערדיקע פעדעמס זון
און זינגען אויס אין לידער — פרייד צום העלן טאָג.
— אין מיטן גאָרטן,
רוישט מיט פאַרביקייט דאָרט אַ פאָנטאַן.
נאָך שפּריצט דער זעלביקער פאָנטאַן אַרויף אין הייך,
מיט זילבער שנירנדיקע וואַסער־שפּריצן,
ווי קרישטאָלעדיקע פיילנבויגנס אין פיאַלעטן טוי,
און די פיר לייבן קעפּ,
מיט די אויפגעמאַכטע מיילער,
קוקן מיט די אויסגעגלאָצטע אויגן צו דעם וואַסערשפּיל,
און קינדער ביי די אַכט געפּענטע קייטן,
וואָס האַלטן ווי געבונדן דעם פאָנטאַן
ער זאָל פון זיי ניט ערגעץ וואו אַוועק,
פּאַטשן צו מיט הענטלעך צו דעם וואַסער שפּריצעריי,

אַ שול.
די זעלבע גרויסע שול פון אַלטן מאַרק;
— יום־כפור פאַרנאַכט.
דאָס פייער פון גיהנום לעשט זיך אויס אין בלויען הימל.
דער לעצטער שטראַל פאַרגייט אין וואָלקן־פּלאָנטער,
וואָס צעלייגט זיך מיט דער נאַכט שוין אויף דער שטאָט.
די שטילקייט פאַלט אויף הייזער און אויף ביימער,
ווי די פייגל וואָלטן ניט קיין שאָרך געלאָזט פון פריר.
פון די טירן און די אויפגעמאַכטע פענצטער,
ציען מרה־שחורהדיק אַרויס זיך אויף דער ערד אין הויף,
ציטערדיקע פלעמלעך פון נשמה־ליכט,
וואָס קוקן סודותדיק פון שול אַרויס.
איך —
אַ בחור נאָך אַ יונגער מיט דעם מחזור אין דער האַנט,
אייל מיט שרעק באַגלייט אַריין אין שול,
און נאָך גיכער פון מיין איילנדיקן גאַנג,
לויפט פאַראויס אין וועג אַנטקעגן מיר —
דער פּחד פון כל־נדרי.
איך פּלאָנטער איין זיך אין דעם גרויסן עולם יידן,
וואָס שטייען איינער נאָכן אַנדערן ווי שורות־ווייז,
איינגעהילט אין קיטלען און טליתים.
מיט ציטער שטעל איך זיך אַוועק ניט ווייט פון עמוד,
וואו עס שטייט אין קיטל דער בעל־תפלה.
אַרום דאָ מיר, מיט די פלאַמען פון די ליכט אין שול,
שאָקלט זיך דער וויינענדיקער עולם,
און קלאַפּנדיק זיך מיט די הענט אין האַרץ אַריין,

נאַכט.
איך שפּרינג אויף פון באַנק,
ווי אַ פיש פון וואַסער צו דעם אויפשיין פון דער זון,
איך לויף פון חדר ברוגזדיק אַהיים,
מיט רויטע קניפּן אויף די באַקן,
מיט דעם רבינס דאַרע פינגער אויף מיין לייב.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס הויז.
אונדזער שטוב.
די מאַמע מיט דעם פאַרטוך אין איר האַנט,
ווישט מיר אויס די טרערן פון די אויגן.
מיין ברודערל אין וויגל,
פאַרוויינט נאָך העכער מיין געוויין.
דער האַרציקער גמרא־ניגון פון מיין טאַטנס האַלדז,
שלינגט איין מיין מאַמעס טרייסט און טראָגט דאָס דורכן פענצטער,
מיט דעם וואַיענדיקן ווינט אַוועק.
דאָס רויכערדיקער לעמפּל אויפן מיטן־טיש,
מאַכט ברודיקער מיין פּנים,
דער טאַטע נעמט אַ גוטינקער אַרויף מיך אויף די קני
און גלעט מיין פּנים מיט זיין ווייכע האַנט:
— „אַ ייד מוז לערנען, לערנען תורה“.
און זינגענדיק מיר אונטער מיט זיין זיסן נגון,
ווער איך אויף אים איינגעדרימלט.

צינדן אָן אין מײַנע אויגן — פרייד,
און באַהעלט מײַן וועלט.
מיט אונזער טומל פון דעם יום־טוב־גליק,
לאָזן מיר דעם טײַך ניט דרימלען אויף אַ ווײַל
אין חלומען בײַטאָג פון רו.

אַ הויז.
מײַן אַמאָליקער חדר.
די גרויסע רויכערדיקע שטוב
מיט געפאַרבטע ווײַסע פענצטער צווײַ.
דער באַלקן ליגט נאָך אָנגעשפּאַרט אין ווינקל אויף אַ קלאָץ.
בײַ די געלע שטענדערס אויף די האַרטע בענק,
זיצן נאָך תלמידים מיט די ציצית אויף די קני און לערנען.
לערנען תורה מיט התלהבות, הערן זאָל זיי אין דער הייך:
— דער רבו־נו־של־עולם.
לעבן שלמה־שמשס בן־יחידל, משהלע מזיק;
— זיץ איך דאָרט און לערן הויך מיט אים אויך פון איין חומש.
לעבן פענצטער בײַ דעם ברייטן טיש,
זיצט אויבן אָן,
דער רבי ר׳ מנחם מיט דער לאַנגער ווײַסער באָרד,
און קוקט דורך זײַנע בלויעברילן, שטרענג און בייז
אויף יונה, דעם גבירס קדישל,
וואָס זאָגט פאַר אים מיט אויסגעשריי, די עברי.
איך הער זיך אײַן אין רבינס זינגנדיקן נגון
און זינג אים נאָך אין שטיל בײַ מיר אין האַרץ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער בלינדער דוד מיט זיין האַנט נאָך אויסגעשטרעקט,
ווי ער וואָלט אַלץ דורך דעם לויף פון טעג און נעכט,
ניט אָפּגעטראָטן פון זיין אָרט אַ ווייל,
און בלינדערהייט נאָר אויסגעבעטעלט אַלע גראָשנס
פון דער שמאָלער גאַס.
אויף דעם שטיינערדיקן ענגן וועג,
שלעפּט אַ פערד פאַרביי ווי וויגנדיק אַ שווערער פור,
און טרייסלט אויף די הייזער פון דער גאַס.
פאַר די פיס פון די פערד,
שפּרינגט אַנטקעגן בייז אַ שוואַרצער הונט און בילט,
צעיאָגט די טויבן פון די דעכער אין דער הייך אַוועק,
און טרייבט די קינדער ווי מיט שרעק אַריין אין שטיבער.

עס שיינט אויף פאַר די אויגן,
דער לאַנגער בלויער טייך,
וואו ביימער שפּיגלען זיך אין אים
און שיפלעך אויפן וואַסער וויגן זיך אין שיין פון טאָג.
אויפן ברייטן ברעג;
— בערגלעך זאַמד צעוואָרפענע ניט ווייט פון טייך.
איבער זיי, געלויף פון קינדער,
ווי שפּרינגענדיקע וועוויערקעס אין וואַלד.
אין לויפנדיקן שפּיל מיט זיי;
— שפּרינג איך נאָך אַ באָרוויסער פון באַרג אויף באַרג,
אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ.
הינטער מיר —
די זאָרגלאָזיקייט פון יונגע פרייע טעג,

װעלדער רינגלען זיך פֿאַר מיר פֿאַרבײַ,
בערג אויף בערג מיט טוי באַדעקט,
הײבן זיך אַרויס פֿון טאָלן אויף דער ערד.
קלאַפּט מײַן האַרץ פֿון אומגעדולד און פֿרייד;
— צעװײן איך שטילערהייט זיך פֿון מײַן גליק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ גרויע הייך.
אַ הימל ניט מיט זון באַדעקט.
אָט איז די לאַנגע שמאָלע גאַס.
די הײַזער,
רייען צװײ װי שטיגן ציִען זיך אַראָפּ װײַט צו דער װײַסל.
אויף טראָטואַרן אײַלן מענטשן מיט די זאָרג אין בליק,
און שלעפּן נאָך פֿון זיך דעם שאָטן אויף דער ערד.
אויף די שװעלן פֿון די קראָמען,
שטייען נאָך די קרעמער אַלץ און קוקן אויס אַ קונה.
װאו ניט װאו אין הייך אויף אַ גאַניק,
זיצט אַ מאַמע מיט אַ קינד דאָרט אויף דער האַנט,
און זינגט אַ ליד דאָס אײַנצושלעפֿן אויף איר שויס.
בײַ דעם רינשטאָק,
רויען קעץ אַרום מיט הונגעריקע אויגן.
אויף אַ שטיין ניט װײַט פֿון לייזער שוסטערס קעלער שטוב,
זיצט נאָך הײַנט די אַלטע שרה מיט אַ קײשעל באָב,
און געגעצט צו דער װעלט.
בײַ דעם ראָג פֿון בית־המדרש.
שטייט נאָך אָנגעשפּאַרט אין שטײנערדיקן פּלויט,

שווימט אַרויס פֿאַר מיינע אויגן אויף אַ באַרג,
ווי אַ שיף אַ זינקנדיקע אויף די כוואַליעס פֿון דעם ים.
אויף דער חורבה איז נאָך דאָ אַ צייכן פֿון אַ שטוב,
אַ שטוב פֿון אונזער דירה פֿון אַמאָל.
אַ האַלבע וואַנט איז ראָז געפֿאַרבט,
בלענדט אַראָפּ פֿון דאָרט און קוקט אויף מיר,
ווי זי וואָלט דערזען דעם ציטער אויף מיין פּנים.

מיין הויז!
האָט אין מיר פֿון בלענד ווי אַ דערשטיקט געשריי,
אַ הויב געטאָן מיך פֿון מיין אָרט.
ביי יענער אָפּגעהאַקטער וואַנט,
איז מיין בעט און טיש געשטאַנען דאָרט?
אָט זע איך נאָך מיין שאָטן הייבט זיך איבער מיר,
וואו כ׳ליג פֿאַרוויגט פֿון רו אין שפּעטער שעה פֿון נאַכט
און חלום מיר אין שוויגן אויס;
— וועלטן נייע צו די מאָרגנס אויף מיין וועג,
וואָס וואַרטן ערגעץ שוין אודאי וואו אויף מיר.
צו די נייע וועלטן דורך דער פֿרעמדער וויט אַהין,
וויקלט אויף זיך פֿאַרבנדיק אַ לאַנגער שליאַך,
און באַפֿאַרבט מיין פּנים מיט אַ פֿלאַם פֿון שיין,
ווי די זון דעם שפּיץ פֿון באַרג אין טאָג פֿאַרגאַנג.
און וויטער איבער שליאַכן אויף מיין וועג,
לויפֿט אין איילעניש מיט מיר די אייזנבאַן.
קוק איך פֿון אַ פֿענצטער פֿון וואַגאָן אַרויס;
— פֿעלדער פֿלאַכן זיך אין גרינקייט אויף,

# אין קינאָ

אין ניו־יאָרק,
אין אַ קינאָמאַטאָגראַף;
האָב איך היינט געזען דאָרט אויפן ווייסן לייוונט,
— אַ שטאָט,
מיין היים־שטאָט פון אַמאָל,
וואו מיין פוס האָט לאַנג שוין ניט געטראָטן.
יעדער אויפשיין פון אַ בילד,
וואָס איז פאַר מיר פאַרביי,
האָט אויפגעוועקט אין מיין זכרון יוגנט טעג.
עס האָט מיין בליק דערקאַנט דעם הויף,
דאָס הויז,
וואו כ׳האָב די אויגן אויפגעמאַכט דאָס ערשטע מאָל
און ס׳האָט אין זיי אַריינגעשיינט דאָס לעבן פון דער וועלט.
אין הויז —
האָט אַ ברייטע טיר פון ווינט זיך אויפגעפראַלט
און דערזען דאָ האָב איך אין מיין היים;
— אַ גרוב מיט חורבות אָנגעוואָרפן ווילד ווי נאָך אַ שרפה.
אויף ציגל און העלצער, באַדעקט מיט שטיין און קאַלך,
שוועבט נאָך פון מיין יוגנט דאָרט דער אָטעם פון מיין לעבן;
דער פלאַטער פון מיין קינדער־שאָטן אין געלויף,
אַ חורבה פון אַן איינגעפאַלן הויז,

און מיט שרעק
טראָגן פֿייגל זיך אַוועק,
לאָזן ניט נאָך זיך געזאַנג;
— פֿון זומער קלאַנג.

בלעטערפֿאַל,
פֿלאַטערט אום אָן זון אַ שטראַל:
ווערט די ערד
מיט וועלק פֿאַרמערט.

און אַ ווינט,
ווי צערייצט לויפֿט אום געשווינט,
נאָר צעווילדט;
— וואו ערגעץ צילט.

אויף און אָפּ,
יאָגט דער ווינט און ברעכט ווילד אָפּ
צווייגן פֿיל;
— ווי פֿאַר אַ שפּיל.

# האַרבסט טעג

ווינטיק פריי,
אין אַ נעפּל ווי פון בליי,
שטייט דער וואַלד
פאַרלאָזט און קאַלט.

איבער אים,
מיט געלויף־געשריי אין שטים,
קראַקעט אַ קראַ
אין וויסטן גרוי.

אין דער לופט
טרילט אַ פויגל וואו און רופט
מיט זיין ליד,
פאַרמאַטערט מיד.

„קום פון בוים,
אייל פון הי — אין ווייטן רוים.
זוכן וואו:
— די פרייד, די רו.“

# ביי די ברעגן פון דער ווייסל

ביי די ברעגן פון דער ווייסל
האָט די ערד מיך אויך צעבליט,
און מיין מאָרגן האָט אַ פויגל
ווי באַזונגען אין אַ ליד.

האָבן זאָרגלאָז די געדאַנקען
מיך אין זעאונגען פאַרטיפט.
מיט מיין אויפשוואונג ווי דער ווייסל
האָב איך מיט מיין טאָג געשטיפט.

איז אין לויף פון טעג, פון יאָרן,
הינטער וועג אַוועק די פרייד,
און אַ חלום נאָך אַ חלום,
האָט דורך נאַכט מיין וועג געגרייט;

— מיך באַפליגלט מיינע אויגן,
מיך פאַרטראָגן ערגעץ וואו,
ווי עס האָבן מיך די שטערן
איינגעוויגט מיין האַרץ אין רו.

אויסגעוועבט פאַר מיר דאָס לעבן,
ווי דער אויפגאַנג טויאיק העל,
וואו דאָס גליק וואָלט אין קאָלירן
שוין געליכטיקט ביי מיין שוועל.

ביי די ברעגן פון דער ווייסל
איז מיין טאָג געווען צעבליט,
און מיין מאָרגן האָט אַ פויגל,
ווי באַזונגען אין אַ ליד.

# אין אָוונט
(סאָנעט)

נאָך שעה'ן אָפּגערוישטע אין פאַבריק ביים ראָד,
גייט אויף פאַר מיר דאָס לעבן אין קאָלירן,
און הייבט געשטאַלטיק אָן אין אָוונט שעמערירן,
צעהענגענדיק פאַר מיר נאָך, פון מיין זיין דעם סוד.

געהילט מיט סודות פון מיין גורל אויף דער וועלט,
וואָס הייבן אָן מיך עגבערנדיק באַרירן;
דערנענטערט זיך פון נויט, מיין לעבן צו וויברירן,
די מאָרגנס מיינע זאָלן קומען אויפגעהעלט.

און מיט דעם אָפּגעשיילטן יאוש פון מיין זעל,
צעפאָלט צווישן ווענט, די גרוי פון לעבן,
וואָס האָט מיר, ווען האַרבסטיקע געגעבן.

און שטייענדיק ביים נייעם אָנהייב אויף דער שוועל,
אַנטפּלעקן זיך נאָך, טעג פון לאַנג מיט גלויבן,
וואָס פלאַטערן פאַרביי ווי ווייסע טויבן.

# אין רויש פון ווינט
(סאָנעט)

אין שעה׳ן, ווי דיביימער אין די ווינטן איינגעפלעכט,
צעטראָגן זיך די עכאָס פון מעת־לעתן נאָך פון לאַנג
און וועקן אויף די פרייד מיר פון פרימאָרגנדיק געזאַנג,
וואָס האָט מיט אומרו ניט באַגלייט מיך דורך די טעג און נעכט.

עס שווימען פאַר מיין בליק פאַרביי די בילדער — ריי נאָך ריי,
און נעמען מיך מיט אויפשייך אין די גערטנער נאָך אַריין.
— אַן אָפגעשטויבטער פון מיין זאָרג, באַהעפט איך זיך מיט שיין,
אויף באַרג און טאָל וואו ס׳האָבן מיינע פיס געקלעטערט פריי.

מיט טריט ניט קאַרגע ווילט זיך לויפן אין דער וייט צוריק,
כאָטש נאָך אַמאָל אַריינגעכאַפּט צו ווערן אין דעם ראָד,
און ווייטער לויפן מיט דער יוגנט אין איר קאַראַהאָד.

און ווי מיט הענט נאָר אָנצוכאַפּן שפּורן נאָך פון גליק;
— דערזע איך זיך מיט יאוש אין די ווינקלען פון דער וייט,
וואָס האָט מיך אויסגעוויגט צו זיין אַ זינגער פון מיין צייט.

1932 נ. י.

# פרימאָרגן
(סאָנעט)

צעבאָרגטע ליגן ברייטע פעלדער צוגעדעקט מיט שניי,
און האַלטן אויף זיך ביימער איינגעפרוירענע מיט אייז.
צעוואָרפן שטייען שטיבלעך, איינגעהילט אַרום אין ווייס,
און ציען צו זיך שטעגלעך פון דער ווייט אין אַ געדריי.

אין פענצטער פון די שטיבלעך שפיגלט זיך דער טאָג און ברענט,
צעוואָרפט די שטראַלן ווי צעשמאָלצן גאָלד אויף שניי אַרויף,
און ערגעץ פון אַ קוימען הייבט אַ דינער רויך זיך אויף, —
אַ גרוס פון לעבן טראָגט זיך פון געצאַמטע, קליינע ווענט.

דער הימל פירט די וואָלקנס פון דער ווייט אין זון אַריין,
ווערט אָנגעצונדן באַרג און בוים און שפרייטן פלאַמען אויס
און אונטער זיי, צעהענגען קראָען אומעט און געדויש.

אַ פויער ביי אַ טירל פון אַ שטוב שטייט און קוקט זיך איין,
ווי ס׳ליגט דער זומער אונטער פעלדער אייז, באַגראָבן טיף,
און יעדע כאַטקע קוקט פון שניי אַרויס זיך ווי אַ שיף.

ג. י., 1932

# בלעטער פאַלן

(סאָנעט)

גערויש פון בלעטער אויף אַ בוים זאָגט אָן מיט ווינט דער וועלט:
— דער זומער האָט זיין ליד שוין אָפּגעזונגען אויף דער ערד.
די רייפקייט פון עשירות פאַלט פאַנאַנדער, ביזן צעשטערט,
און טראָגט אַרום אויף וועגן זיך מיט ווילדקייט און מיט קעלט.

עס לאָזט דער ווינט די שפע ניט אַרויס אין האַרבסט אין פעלד,
דער נייער פרילינג אין דער ערד, זאָל גיט דעם וועלק דערזען,
נאָר חלומען אין טיף און גרייטן זיך נאָר אויפצוגיין,
מיט יום־טוב פון דעם מאַי באַזונגען נאָכאַמאָל די וועלט.

און ווי עס זאָל דער האַרבסט דעם זומער ניט פאַרטראָגן וואו,
צעמאָלן אים אין שטויב דורך טעג און נעכט ווי דורך אַ מיל —
וועט אַלץ דער גאַנג פון צייט, דעם ווינט ניט לאָזן אָן זיין ציל.

צעוואָיעט ער אין לויף און רייסט פון זומער אָפּ די רו,
צעטראָגט די רעשטלעך גרין צו מאַכן שוין פון זיי אַ סוף, —
די קאַלטע רו פון שניי און פראָסט זאָל איבער זיי אַרויף.

נ. י., 1935

## מ אַ י

גיב איך הײַנט אַ טראַכט פון מאַי,
ווער איך פון דערוואַרטונג אויפגעוואַכט און פריי.
לויפן מיר געדאַנקען נאָך ווי בליצונגען אין טרוים,
וואו איך זע זיך אין אַ שפּיגל ווי אַ פרי־בוים.

גיב איך הײַנט אַ טראַכט פון מאַי,
ווער איך מיט באַגין אויך ווי אַ פויגל־פריי,
וואו די זון שיילט אָפּ פון מיר אין וועג די גרוי פון וואָך,
און באַדעקט מיט בליאונג שוין דער שוואַרצער ערד פון מאָך.

גיב איך הײַנט אַ טראַכט פון מאַי,
ווילט זיך זינגען צו דעם אָנהייב פון דאָס ניי;
ס׳זאָל מײַן אָפּקלאַנג ניט פאַרטראָגן ווערן פון אַ ווינט,
בלאָנדזשען מיט מײַן ליד אין הייכן אין דער שײַן ווי בלינד.

גיב איך הײַנט אַ טראַכט פון מאַי,
גייען טעג מיט האָפענונג פאַר מיר פאַרביי;
— שטעלן בילדער פאַר די אויגן זיך פאַר מיר אַוועק;
כ׳זאָל ניט זײַן פאַרפרעמדט דאָ פון דער שפע אויף מײַן וועג.

# אַנטקעגן

נאָך די שטיקער נאַכט אין פאַרגיין, איז די זון שטיל אויפגעגאַנגען,
און אַ שטראַל פון הייך אין פענצטער מיר אַריינגעשיקט;
בין איך ווי אַ שאָטן צוגעגאַנגען צום באַגין אינדרויסן
מיט אַ פרייד אין אויג, וואָס האָט אין טאָג אַריינגעבליקט.

ס'האָט דער העלער מזרח אויסגעפאַרבט דעם הימל אין קאָלערן,
און זיין אָפּגלאַנץ פלאַמיק אויף די פעלדער אויסגעשפרייט.
ס'האָבן בלויע בערג זיך אָנגעצונדן ווי פון פייער־צונגען
און צו מיר געשטראַלט מיט בליאונג — פון נוענט און ווייט.

ביי אַ שייער איז אַ וועכטער נאָך אין טרוים מיט שלאָף געזעסן;
ביי די פוס איז ווי אַ לייב, אַ הונט געלעגן שטום,
איינגעהאָרט זיך צו דעם טעמפּן קלאַנג פון ס'גריביענדיקער רעדער,
און צעטראָגן דאָס גערויש — אין עכאָס — ווייט אַרום.

אין מיין האַרץ האָט זיך אַ ליד פון ליכט צעזונגען אין מיין שווייגן,
אויך צעהאַנגען איבער מיר, דעם מאָרגנדיקן קלאַנג,
פאַר מיין פענצטער זיינען פייגל מיט דעם פרילינג דורכגעפלויגן,
און צעשפּילט פאַר מיר אין לויף אַ שפּע'דיק געזאַנג.

האָב איך מיט די ליפּן שמייכלדיק מיט זיי שטיל מיטגעזונגען,
און געפלויגן אין דעם דרויסן, האָב איך ווי מיט זיי,
וואו עס האָט מיין פוס געטראָטן, גיין דאָס לעבן אויך אַנטקעגן,
אַז עס זאָל פאַר מיר דער חלום פון אַמאָל פאַרביי.

# דורכן פענצטער פון דער באַן

שנייאיקע פעלדער, שנייאיקע בערג,
שווימען פאַרביי דורך מיין פענצטער אין אייל,
אין ווילדן געאייל,
אַ מייל נאָך אַ מייל,
און רייסן איינדרויסן מיט זיך נאָך אין רויש
אין קלאַפּיקן וועג,
אַ פּלעק נאָך אַ פּלעק;
— שטיבלעך ווי קברים פאַרזונקען אין שניי
וואָס קוקן באַזילבערט אַרויס
צו קראָען וואָס פליען מיט ווינטער אין הויך,
מיט פּראָסטיק געשריי.

שנייאיקע פעלדער, שנייאיקע בערג,
לויפן פאַרביי דורך מיין פענצטער אין אייל,
אין ווילדן געאייל,
אַ מייל נאָך אַ מייל,
און רייסן איינדרויסן די בליקן אַרויס
צום שניי, צו דער וועלט,
צום הימל, צום פעלד,
ווי ס׳איילט מיט דעם טאָג נאָך דער באַן אויפן וועג,
פאַרוואָלקענט אין ווייסן געברויז
און שפּרייט פאַר מיין פענצטער צעשויבערט — אַרויך;
— אַ ווינטיק־געיעג.

# אין שיין פון אָפּקלאַנג

עס גייט אָן אַ חשבון די זאָרג ניט אַוועק פון מיין טיר;
איך זאָל היינט מיין טאָג ווי די זון אויף אַ באַרג אויך דערזען;
— געזאַנג פון די פייגל זאָל גרייכן מיט אויפלעב צו מיר,
איך זאָל דעם פרימאָרגן, אָן יאוש אַנטקעגן שוין גייך.

און וויפל איך האָב פון די נעכטנס די טעג ניט געציילט,
וואָס האָבן באַגינען באַגלייט מיך מיט נויט אויף מיין וועג,
האָט זעלטן פון אויפבליץ, דער עלנט פון מיר זיך געשיילט,
דער טאָג זאָל אָן אומרו אויף וועגן פון מיר ניט אַוועק.

און וויפל איך האָב אין געדאַנק מיר מיין גלויבן געשמידט;
געמאָלן — דער מאָרגן וועט זען מיך פאַרפרעמדט אין דער וועלט,
האָט גרוי פון דער וואָך ניט געשווערט דאָ מיט אַנגסט מיינע טריט,
די זון זאָל פון הייכן פאַר מיר זיין מיט שאָטנס פאַרשטעלט.

נו, זוך איך ביי מיר אין זכרון אַ שפור פון דער פרייד,
וואָס האָט אין דער יוגנט פאַרבלאָנדזשעט בייטאָג אין מיין בליק,
כ׳זאָל זען נאָך מיין פרילינג, וואָס האָט בלויז געשיינט פון דער וויט,
— מיין האַרץ זאָל אַ וויל מיך דערפרייען פון נעכטיקן גליק.

# אַ טאָג אין ווינטער
(סאָנעט)

עס האָט דער האַרבסט מיט ווינטן שוין דאָס גרין אין פעלד באַפלעקט
מיט רעגנס אָפּגעוואַשן פון דעם וואַלד — דעם זומער־פּאַל;
מיט רעשטלעך זומער אין געוואוי, צעווייעט איבעראַל,
דאָס בלי פון איבער שיכטן ערד זאָל זיין מיט וועלק באַדעקט.

דער הימל ווי אַ מדבר — בערג אויף בערג ווי שטיקער אייז,
צעהענגט אַ פראָסט און וואַרפט אַראָפּ אַ שניי אויף וויסט אויף לאַנד;
ווערט באַרג און טאָל אין פעלד מיט קאַלטע ווינטן איינגעשפּאַנט,
באַדעקט מיט רעשטלעך זומער ווי געיאָגטע־פּראָסטיק — בייז.

און מיט די ווינטן רייסט זיך מיט דער שניי פון הייכן פריי,
צעטאַנצט זיך אין דער לופט און לייגט זיך שטיל אין פעלד אַוועק,
און גרייט פאַר ווינטער אַ געלעגער איבער ווייסן וועג.

עס זאָלן קליינע טעג זיך איבערשלאָפן אויף דעם שניי,
און חלומ'ען פון פרילינג, ווי באַגלייט האָט זיי געזאַנג;
— מיט ליד צעטראָגן אין דער וועלט פון פרייהייט דאָס געשאַנק.

1932 נ. י.

# האַרבסט אין וואַלד
(סאָנעט)

מיט פליגלען־אומרו, אויגן פלאַמיקע אין־זון פאַרגאַנג,
צעטראָגן פייגל יום־טוב פרייד פון וואַלד אין וועלט אַוועק,
און לאָזן בלויז אַן אָפּקלאַנג בלאָנדזשען פון די זומער־טעג ;
— אַן עכאָ פון אַ לעבן, פון אַן אָפּגעשפּילט — געזאַנג.

צום נידער פון די ביימער אין דער ערד אַריינגעפּרעסט,
דערנענטערט זיך אין בלעטער־פאַל דער זומער צו זיין סוף ;
מיט ווינטן הייבן זיי אים אין אַ שפּיל פאַר שפּאַס נאָך אויף,
און שפּילן זיך מיט געלע קווייטן איבער נעסט נאָך נעסט.

שטייט אין געפאַנג דער וואַלד אַ נאַקעטער באַוואַכט פון ווינט,
מיט צווייגן אויסגעשטרעקט ווי צו דערכאַפּן זומער־פאַל ;
מיט יום־טוב נאָך אַמאָל צעעפענען פון פרייד דעם קוואַל.

נאָר ווי פאַר׳משפט און געשטראָפט צום אונטערגאַנג פאַר זינד,
צעפאַלט די מאַי־עשירות שוין און ווערט פון האַרבסט צעשטערט ;
באַדעקט מיט שטויב פון זומערן וואָס הייבט זיך פון דער ערד.

1932, נ. י.

# װ ײ ט

(סאָנעט)

דער ציפּערבלאַט פֿון מײַנע מאָרגנס אויף דער האַרטער ערד, —
צעשטעלט נאָך פֿאַר די אויגן מיר אויף װעגן, בילד נאָך בילד
פֿון טעג, די נעכטיקע פֿון רויש פֿון ליד ניט אײַנגעשטילט,
װאָס האָבן איבער פֿעלדער צו מײַן יוגנט נאָך געהערט.

און װיפֿל מאָל איך בײג אַװעק פֿון נעכטן נאָר מײַן בליק, —
צערויכערט פֿון די פֿײַערן פֿון לאַנג שוין אויסגעבערענט;
— איז שװער מיר צו באַהאַלטן זיך אַ װײַל פֿון יענעם בלענדט,
װאָס בלאָנדזשעט אום אין װײַט און נעטערט זיך ניט, מער צוריק.

עס װאַכט אין מײַן זכרון אויף, װאָס איז מיר ליב געװען,
און קאָן ניט הײַנט פֿאַרמעקן יענע װײַט פֿון מײַן געדאַנק,
מעג אויך דאָס לעבן זינגען מיר אין עלנט אַ געזאַנג.

איך װײס, איך קאָן שוין מער אויף יענע שליאַכן הײַנט ניט גײן,
װײַל בריקן זײַנען הינטער מיר צעפֿאַלן אויף מײַן װעג;
— צעטראָגן זיך בײַנאַכט פֿאַר מיר נאָך פֿון אַמאָל די טעג.

# הינטער בערג
(סאָנעט)

ניט איינמאָל האָט אַ ווינט געבראַכט אַ ניגון מיר צוריק,
וואָס האָט מיך היינט, ווי נעכטן, אויך פאַרטראָגן ערגעץ ווייט,
וואו ס'האָט אַ פרילינג זיך צעפינקלט פון אַ נייער צייט;
— געזאַנג פון לעבן זאָל מיט פרייד אויך צינדן מיר מיין בליק.

און ווי דער טאָג אין בלי געוואונקען האָט צו מיר — אַ וועלט,
— אַריינצונעמען מיך פון נויט, אין אַ געזאַנג פון פרייד,
איך זאָל כאָטש אויף דער ערד, פון עלנט זיין אַמאָל געשיידט,
דער מאָרגן זאָל ניט מער פאַר מיר מיט נעפּלען זיין פאַרשטעלט.

און ווי די זון צעשניידט די נאַכט און מאַכט פאַר זיך אַ וועג,
האָט מיין געדאַנק געפירט מיין בליק אין בלויער הייך אַריין;
— געשיילט האָט זיך פון מיר דער אומעט פאַר דער קלאָרער שיין,
אַז כ'האָב פון אומרו ניט געפילט שוין מער די בייזע שרעק.

און ווי די ווייט האָט זיך מיט מיר דערגענטערט צו דעם ברעג,
איז ווי אין פלאַם, מיין חלום, היינט אויך הינטער בערג אַוועק.

# אַמאָל באַווייזט זיך נאָך אַ בילד
(סאָנעט)

אין אָוונט, ווען איך בין פון טאָג־יריד שוין פריי,
— באַווייזט אַמאָל זיך נאָך אַ בילד אין מיין זכרון,
מיין בליק דערקענט אין אויפשיין חלומדיקע יאָרן,
וואָס גייען מיט געזאַנג אין בלענד פאַר מיר פאַרביי.

גייט אויף אין טוי מיט קאַרגע פריי,' נאָך יענער מאַי,
און לעשט ניט אויס דעם זון־אויפגאַנג אין מיינע אויגן,
וואָס האָט מיט גלויבן איבער שליאַכן מיך דערצויגן,
איך זאָל דאָס לעבן, אָן צעשטייז'ר ניט פאַרביי.

און ווי דער פראָסט, וואָס לייגנז אין ווינטער זיך אויף שויבן,
און פונקען קאַלטע, שפּיזלען זוין דער נאַכט אַריין;
— צעצינדט זיך אין מיין וועלט, פון יענע טעג — די שיין.

וועקט אויף אין האַרץ אַ בענקשאַפט מיך נאָך יענעם גלויבן,
וואָס האָט מיך טריי באַגלייט אין אומרו אויף מיין וועג, —
איך זאָל ניט ווי אַ פרעמדער גיין אין מיינע טעג.

# נייען טעג פֿאַרביי
(סאָנעט)

די טעג וואָס האָבן מיר געפּעסטיקט מײַנע טריט,
דער שליאַך זאָל ניט אין וויַיט פֿאַר מיר אָ מדבר־זיין;
— פֿאַרמעקט האָט זיי דאָ ניט קיין האַרבסט נאָך פֿון מײַן שיין,
איך זאָל אויף זיי ווי קוקן מיט אַ שווער געמיט.

כאָטש ס׳האָט די וועלט ביי מיר דעם עלנט אָפּגעהיט,
און קאַרג מיר צוגעלאָזט די רו אין מײַן געדאַנק;
— צערונען איז ניט פֿון מײַן נעכטן נאָך דער קלאַנג,
וואָס האָט דאָס לעבן אויף דער ערד פֿאַר מיר צעבליט.

און ווי עס זינגען פֿייגל, פֿון פֿרימאָרגן־פֿרייד;
— געליכטיקט האָבן טעג, וואָס זיינען פֿרי פֿאַרביי,
געלאָזן אין מײַן האַרץ אַ שפּור פֿון גליק נאָך זיי.

און ווי עס הייבט די זון זיך אויף פֿון ים אין וויַיט,
און כוואַליעס שפּרינגען ווי צעפּלאָמט און פֿאַלן אָפּ;
— דערהייב איך נאָך צו זיי, מיט שיין אין בליק מײַן קאָפּ.

# טעג אין עבֿאָ

איך זוך אין מיין זכרון, טעג, וואָס האָבן מיך דערפרייט,
מיט בייז מיך ניט באַגלייט נאָר אין דער וועלט אַריין.
איך זע זיי בלויז אַמאָל ווי דורך אַ נעפּל ערגעץ ווייט,
וואָס צינדן אָן נאָך אין מיין בליק אַ יום־טוב שיין.

און ווי די זון וואָס גליט אין ווייט די שויבן אָן פאַרנאַכט,
צעפלאַמען זיך אין שטיל און לעשן באַלד זיך אויס;
— דערזע איך טעג אין בלי וואָס ווערן פאַר מיר אויפגעוואַכט,
און ס׳גייען בילדער פון דער טיף פאַר מיר אַרויס.

איך קוק אַ וויל און כ׳קען זיך ניט דערקענען גלייך אין זיי,
ווי כ׳וואָלט אויף יענע שליאַכן ניט מיט גליק געווען,
און קיינמאָל ניט דערהערט פון פרייד מיין אייגן אויסגעשריי;
— און דאָך מיין יוגנט אין דעם ליכט אין ווייט דערזען.

אַז ס׳הייבט דער אָפּשיין מיך אַ וויל נאָך אין דער הייך דאָ אויף,
און אויסגעטאָן ווער איך פון שווערע יאָרן פיל,
ווי ס׳וואָלט דער פרילינג פון אַמאָל אויף מיר צוריק אַרויף,
צו גיין דערגרייכן אין דער וועלט פאַר מיר אַ ציל.

האַט אויך זיך אַ שטראַל דורך אַ לעכל
אין קאַמער געלייגט אויף אַ וואַנט
און קאַרג אין דעם קבר צעגאָסן
האַט שטיל זיך אַ בלאַסיקער שיין,
און ס'האָבן זיך אויגן געעפנט,
פון ליכט וואָס איז דאָרטן אַריין;
— עס האָבן מיט ציטער ווי בליצן,
געטראָפן זיך בליקן פון צוויי;
— פון שוועסטער און ברודער פון כהן;
צערוישט האָט אַ דונער־געשריי.

ווען ס'האָבן שוין פייגל מיט פייגל,
מיט ליד זיך „גוט־מאָרגן" געזאָגט,
צעהאַנגען אויף ביימער געזאַנגען,
צום לעבן געוועקט און געיאָגט,
און ווידער דערוואַכט האָט דער מאָרגן,
פון שלאָף אויפגעוועקט זיך צוריק,
די אויגן געהויבן צום הימל,
געוואָרפן אַ בליק נאָך אַ בליק,
— דאָן זיינען צוויי קינדער פון כהן,
ווי שטערן אין וואָלקנס אַריין,
געלאָזן צוויי שטראַלן אין הייכן,
ס'זאָל צינדן פון זיי זיך א שיין.

ברוקלין, נ. י. 1918

עס האָבן די קינדער פון כהן,
מיט אומרו און שרעק און מיט פּיין,
געוויגט זיך אין ווינקלען באַזונדער
אין פּייכט־קאַלטן קאַמער אַן שיין.
געפּייניגט עס האָט זיך דאָס מיידל,
און האָט ניט באַטראַכטן קיין שפּאַן;
— „אָ, איך, רבי ישמעאלס אַ טאָכטער,
זאָל נעמען אַ שקלאַף פאַר אַ מאַן"?
און ער האָט געוויינט אין ווינקל,
געריסן פון זיך אַזש דאָס לייב;
„ — אָ, איך, רבי ישמעאלס אַ זון,
זאָל נעמען אַ שקלאַפין — אַ ווייב"?

דער חושך געדיכט ווי אַ נעפּל,
צעהאַנגען אין קאַמער זיך האָט,
און יעדער באַזונדער פון ווינקל,
האָט תפילה געטאָן נאָר צו גאָט.
דאָס מיידל אין בגד געבויגן,
געניידערט האָט דאָרט צו דער ערד
און האָט אין סכנה געבעטן,
איר תפילה זאָל ווערן דערהערט.
פוןביידע ז'געוואָרן פאַרלאָשן
פון טרערן דער יחוס פון שטאַם,
עס האָט זיי דער הפקר פאַראייניקט —
ווי שטראַלן אין מערב דער פלאַם.

ווען נאַכט איז צעריסן געוואָרן
אין מזרח פון פלאַמיקן ראַנד,

און האָבן דאָרט גאָר ניט געזען,
וואו ערגעץ זיי זיינען אַריין.

ווען ס'האָבן די רייכע בעל־בתים,
פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיי,
געלאָזן אַליין זיי אין קאַמער,
מיט זיך, מיט אַ יאוש און ווײ;
און זיינען אַהיים זיך געגאַנגען
געזעטיקט פון שיכרוס, פון פרייד,
געמאָלן דאָס גליק פאַר די אויגן
מיט ראַשיק, מיט קלינגענדע רייד;
„די שקלאַפן וואָס וועלן זיי שפּעטער
אַרויסקומען — ריזן און שייך,
באַצאָלן זיי וועט מען מיט רענדלעך,
ווער קויפן ס'וועט קומען צו גיין".

— דאַן האָט ווי אַ דונער — אַ יאָמער
צעריסן די שטילקייט פון נאַכט;
ווען ס'האָבן צוויי קינדער דערזען,
אַז אַלץ איז פאַרזיגלט, פאַרמאַכט.
עס האָט ווי אַ פראָסט אין די הערצער,
פון שרעק זיי די בלוטן פאַרפרירט,
— אַ טראַכט נאָר געטאָן אין דער תפיסה,
צו וואָס דאָ זיי זיינען פאַרפירט...
— עס האָט אַלץ דער משפט געקלונגען
ביי זיי אין די אויערן ווי שטאָל, —
— „היינט חתונה האָבן דאָ מוזט איר
ווען פריי זיין, איר ווילט נאָך אַמאָל".

— האַט איינער דערציילט דאָן אַ שכן,
אַ שכן, אַ נאָענטן, אַ פריינט,
אַז ער האָט געקויפט ביי די רוימער ;
אַ מיידל, אַ געטין וואָס שיינט.

דער צווייטער דערציילט האָט זיין נאָענטן,
אַז ער האָט געקויפט היינט אַ קנעכט,
וואָס קוקט אויס צו זיין ווי אַ גבור,
אַז אייזערנע קייטן ער ברעכט !
עס האָבן די שכנים — גבירים,
ביי זיך אין דער היים אָפּגעמאַכט,
זיי זאָלן דעם קנעכט מיט דער מיידל,
גאָר חתונה מאַכן די נאַכט,
נו, וועלן אַרויסקומען שקלאַפן,
— גבורים מיט שיינקייט באַזעלט,
און יעדער פון זיי, וועט דאָן ווערט זיין,
אַ, אוצרות און אוצרות מיט געלט.

ווען ס'האָט זיך די נאַכט ווי אַ נעפּל,
אַרונטערגעלאָזט אויף דער וועלט
מיט כמאַרעס מיט שווערע צעהאַנגען,
דאָס ליכט פאַר די אויגן פאַרשטעלט,
— דאָן האָבן די ביידע בעל־בתים
ווי צוויי „מחותנים”, מיט פרייד,
— דעם „חתן”, און „כלה”, צוזאַמען —
אריין אין אַ שטוב זיי באַגלייט.
און שטוב איז געווען — אַ חושך,
אַ, וויסט ווי אַ קבר אָן שיין,

געקוקט האָט זי שטיל אויף די פעלדער
פון ציון — די חורבות אָן אַ שיעור —
מיט קלאָגן אין האַרצן פון אימה
געגאַנגען דאָרט איז ווי באַטויבט,
די טאָכטער פון כהן גדול —
זיין איינציקע טאָכטער — געררויבט.

אויף וועגן פאַרוויסטע, אין טרויער,
אויף גראָזן באַפלעקט אויך מיט בלוט,
וואָס האָבן ווי גאָלדענע טראָפּנס
געררויטלט אַרויס זיך פון טאָג —
געטראָטן עס האָבן אבלים,
אין אייזן געשמידטע די הענט,
אַ מחנה אַ צווייטע פון ציון
מיט שמאַטעס באַדעקט און צעברענט.
און צווישן די אַלע אָן לשון,
און אונטער די שטראַלן פון זון,
איז אויך פון דעם כהן גדול
געוועזן זיין איינציקער זון.

דער טאָג האָט געענדערט אין מערב,
צעשפּרייט האָט דער הימל די נאַכט,
און ס'האָבן די קונים, די רוימער
די קנעכט באַלד אַהיים זיך געבראַכט.
געקויפט זיי, ווי פערד, ווי בהמות,
ביי רוימער, ביי קריגער אין מאַרק,
זיי זאָלן זיי נוצן פאַר שקלאַפן,
ווי אייזלען געזונטע און שטאַרק...

# רבי ישמעאלס קינדער

(באַאַרבעט לויט אַ תלמודישער לעגענדע)

אויף פעלדער די פרייע פון ציון,
דורך וועגן מיט זאַנגען באַצירט,
עס האָבן די רוימער — אין מאַסן
בחורים און מיידלעך געפירט,
געשלאָסן אין אייזערנע קייטן,
געבונדן ווי רויבער די הענט,
געטריבן זיי פון ירושלים —
וואָס איז דאָרט געלעגן פאַרברענט.
צעוויטיקט זיי זיינען געגאַנגען
מיט אויגן, צעשראָקן, פאַרטרערט
און האָבן מיט טרערן באַגאָסן
פון צער ווי אַ רעגן די ערד.

און צווישן זיי אַלע געפאַנגען —
געשלעפט האָט זיך דאָרט אויך באַוואַכט,
אַ מיידל, אַ טאָכטער פון ציון,
מיט אויגן נאָך שוואַרצער פון נאַכט.
און ווי די לבנה דורך וואָלקנס
געבלאַסט האָט דאָס פנים ביי איר.

## צווישן וועלטן, צוויי

איך בין דאָ, ווי די גרענעץ,
צווישן וועלטן, צוויי.
הינטער מיר
ליגן בערג מיט חורבות
און רויכערן אין הייכן אויס
דאָס ווילדערניש פון נעכטיקע טעג.
פאַר מיר, אַנטקעגן,
ליגט אַ צעאַקערטע די פעטע ערד,
באַדעקט מיט מזרח־פאַסן זון
און אָטעמט מיט אַ פרילינג.
גייט פאַר מיר פאַרביי
אַ נייער דור
מיט פעסטן טראָט,
מיט מאָרגן־זון אין בליק.
צעפינקלט זיך דאָס לעבן
און באַשטראַלט די ווייסטע שליאַכן,
וואָס שלענגלען זיך אַרויס
פון חרובדיקן ווייט.

מיט מיר האָט געוויגט זיך דער בנין,
און כוח האָט געבליצט פון מיין בליק, —
איך האָב אין געפעכט זיך דערהויבן,
צעביסן פון מיר אויך די שטריק.

דער זקן פאַרמעקט האָט זיין פחד,
כאָטש ס'האָט זיך געררויטלט זיין באָרד
מיין שוועסטער פאַרווישט האָט די טרערן,
און איז ניט אָוועק פון איר אָרט.

מיין ברודער מיט צער אין די אויגן,
פאַרקוקט האָט דאָס ליכט פון דער וועלט;
געלאָזט זיך אַראָפּ אין גיהנום
מיט הענט ניט זיין פּנים פאַרשטעלט.

מיט מיר האָט געוויגט זיך דער דרויסן,
און איך האָב געוויינט און געלאַכט; —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
עס האָט מיך מיט הענט ווער געריסן,
אין מיטן דער שלאָפיקער נאַכט.

איך בין קוים אַרויף אין מיין דירה,
צעשראָקן מיט פּיין אין געאייל,
איך בין ווי פאַרגליווערט געוואָרן,
צעטומלט, צעווײנט זיך אַ ווייל.

מיט מיר האָט געוויגט זיך מיין בנין,
געהוידעט די ווענט און דער דיל,
עס האָט אין אַ ווינקל מיין שוועסטער
אָן טרערן געגנורעט זיך שטיל.

און לעבן מיין שוועסטער — אַ שכנה,
מיט אימה געבראָכן די הענט,
און תהלים געזאָגט האָט אַ זקן, —
געציטערט עס האָבן די ווענט.

די גאַס איז געוואָרן — אַ אויוון,
און הייזער — אין פלאַמען, אין רויך, —
עס האָבן אַ, ווינטיקע צונגען,
צום הימל געהויבן זיך הויך.

עס האָט זיך דערנענטערט דער שטורעם, —
דער רשע — מיט ווילדן געברויז,
און הינטער די פענצטער געטאָפּטשעט,
האָט גזלן נאָך גזלן צום הויז.

און עמיץ מיט אייזערנע שטאַנגען,
צעבראָכן מיט כעס האָט די טיר,
און איינער אַ, ווילד ווי אַ טיגער
איז צו מיט אַ מעסער צו מיר...

איך בין אין סכנה אַרונטער,
מיין בלוט האָט געזעצט מיר אין קאָפּ,
עס זיינען פאַר מיר שוין געפאַלן,
צעשפּליטערטע פונקען אַראָפּ:

אַ רעגן פון פייער, אַ האָגל —
באַגלייט אויך מיט שטיינער און גלאָז
פון רייטער, פון רצחים, וואָס האָבן
געהאָגלט מיט שאָס נאָך אַ שאָס.

עס זיינען פון שטובן נאָך מענטשן
אַראָפּ אין בהלה, און ווילד
געלאָפן מיט פייער אין אויגן
און האָבן צערוישט מער דאָס בילד.

דער הימל געפאַרבט האָט זיך רויטלעך,
און פלאַמען געטאַנצט האָבן הויך,
עס האָבן פון איבער די הייזער
געפלאָכטן זיך קייטן מיט רויך.

די גאַס האָט געציטערט פון טומל,
פון בראַזגען אַ הויז נאָך אַ הויז,
די לופט איז געוואָרן ווי שוועבל,
פון ווילדן און שטורמיש גערויש.

און איבער די הייכן אין שטיבער,
געוויינט האָט אַ קינד נאָך אַ קינד,
און העכער געליאַרעמט עס האָבן, —
מיט ביל נאָך אַ ביל פון אַ הינט.

# אַ בריוו אין חלום

צוועלף האָט די נאַכט היינט געשלאָגן,
אַ האָן האָט געטאָן וואו אַ קריי.
די שטאָט איז געלעגן פּאַרזונקען
פון טאָגיקן ווירבל געשריי.

האָט קלינגען וואו ערגעץ גענומען,
צעהאָנגען אַ קלאַנג נאָך אַ קלאַנג,
און ס'האָט זיך געטראָגן אין הייכן
אַ ווילדער און שיכור געזאַנג.

כ'בין צו מיט אַ ציטער צום פענצטער
געהאַמערט מיין האַרץ האָט פון שרעק,
דער הימל גענומען האָט בלענדן, —
פון ערגעץ אַ רויט־לאַנגן פלעק.

עס האָט זיך צעטראָגן פון דרויסן,
אַ פאַלן פון שויבן אין גאַס,
באַגלייט פון אַ הילכיק געלעכטער;
געשרייען פון חוזק, פון שפּאַס.

# עס האָט מיין האָפענונג געזונגען אַ געזאַנג

עס האָט מיין האָפענונג געזונגען אַ געזאַנג,
פון טעג, וואָס קומען מיט דערהויבונג אָן,
און אויפגעבויט פאַר מיר אַ וועלט אין מיין געדאַנק,
און לאָסט פון עלנט פון מיר אויסגעטאָן.

עס האָט די זון, מיט בלי געפינקלט פאַר מיין בליק,
וואו כ׳האָב אין וועג מיין פוס געטאָן אַ שטעל,
איך זאָל ניט מיט מיין שאָטן גיין מיט נויט צוריק
און בלייבן פרעמד ווי נעכטן אויף מיין שוועל.

געפלאַמט האָט איבער מיר די שיין פון מאָרגנבלי;
געטראָגן האָט די ערד מיך, יונג און פריי
אויף בערג, באַדעקט מיט בליאונג אין מיין אינדערפרי;
— ווי ס׳וואָלט די פרייד פאַר מיר געשוועבט פאַרביי.

עס זיינען אָנגעקומען טעג אויך מיט געוואַי,
און מער מיין שטים אין עכאָ ניט דערהערט.
געגומען האָב איך שניידן פרעמדן — ווילד און רוי,
מיט פיין און אַנגסט באַדעקט דער האַרטער ערד.

געבליבן איז מיר פון די נעכטנס גאָר ניט מער,
ווי בלויז בטחון אַלץ אין נייע טעג,
און וועקן אין מיין האַרץ פון האָפענונג — באַגער,
כאָטש האַרבסט וועט נאָך באַגלייטן מיך אין וועג.

# איך בינד דאָ פון מיין דור די קייט
(סאָנעט)

בטחון לייגט זיך אויף מיין פנים אויך אַוועק;
די מאָרגנס ווייזן אָן מיר מיינע וועגן
און העלפן, כ׳זאָל מיט וואָרט די צייט באַוועגן
און שניידן דורך דער פרעמד אין ווייט אַריין מיין וועג.

דער הימל ווי באַגלייט מיך מיט זיין מאָרגן־שיין
און לאָזט די זון זאָל דאָ נאָך צו מיר קומען,
כאָטש ס׳זיינען בויאונגען פון מיר צעשוואומען,
געלאָזן אויף מיין פנים יאוש אין מיין זיין.

דאָך גייען בילדער פון אַמאָל פאַר מיר פאַרביי
און וועקן אויף אין מיין זכרון טעג פון מאַי,
וואָס האָבן פאַר דעם מאָרגן צוגעטיילט מיר פרייד.

דער נעכטן לאָזט מיך פון זיין שאָטן אַלץ ניט אָפּ;
אַ זכר בלייבט און נורעט זיך געהיים אין קאָפּ,
כאָטש טאָג נאָך טאָג איך בינד דאָ פון מיין דור די קייט.

## פון אָנהייב אָן
(סאָנעט)

דאָס לעבן איז צו מיר, מיט טעג פון נויט געווען ניט קאַרג,
און לאָזט נאָך היינט ניט אָפּטמאָל צו די רו אין מיין געדאַנק,
כ'זאָל פילן אַז די זון איז אויך פאַר מיר דאָ אַ געשאַנק,
וואָס וואַרפט באַגין איר פרייע שיין אויף מיר ווי אויף אַ באַרג.

איך זאָל פון נידער זיך דערהויבן מיט בטחון שטאַרק,
דער אויפּטאָג זאָל פאַרמעקן מיר דעם יאוש פון געזיכט,
דער מאָרגן זאָל ניט מער פאַרלעשן אין מיין בליק דאָס ליכט;
— עס זאָל אין וועג פאַרלוירן גיין מיין קלאַנג ווי אויף אַ מאַרק.

און ווי אַ שיף וואָס שניידט די כוואַליעס צו דערגיין צום ברעג,
און לאָזט פון הינטן שוים ווי שניי, וואָס שוימט אין ים זיך אויס;
— צעגייען טעג פון בייז ווען כ'גיי פאַרנאַכט פון זיי אַרויס.

און ווי די ווייט וואָס דעקט די שיף דאָרט צו אין אייל אין וועג,
פאַרדעקט פון נאַכט דער שאָטן אויך מיין אויפּטו קאַלט און שטיל;
— מיין טראָט זאָל ווערן הינטערשטעליק אין מיין גיין צום ציל.

# אין מיין ליד
(סאָנעט)

אין יאָרן פון דיין נויט בין איך געקומען אויף דער וועלט,
אַ צער און טרויער, מאַמע, איבערנעמען פרי פון דיר,
דער אומרו אין די אויגן אין דיין יעדערן באַריר,
האָט ניט די פרעמד אין וועג ביז היינט דיין פּנים מיר פאַרשטעלט.

איך האָב קיין מאָנומענט פון דיינע יאָרן ניט געבויט;
די טעג וואָס זיינען קאַרג געווען צו דיר מיט רו און פרייד,
עס זיינען אָבער מיר געבליבן הענגען נאָך די רייד,
וואָס זיינען אין מיין האַרץ אַריין אין צייטן פון דיין נויט.

און מיט דיין קלאַנג פון טרייסט, בין איך אַוועק אין לעבן,
וואו ס׳האָט די צייט נאָך יאָרן שווער געפּירט מיך אין פאַרויס,
איך זאָל מעת־לעתן דיינע קייטלען פאַר דער וועלט אַרויס.

עס זאָל מיין ליד פון דיר אַ גרוס דער וועלט אויך געבן,
וואָס האָסט פון דורות הינטער דיר, בטחון מיר געבראַכט,
און פענצטער פון דער וועלט אויף מיינע וועגן אויפגעמאַכט.

ב. י., 1932

# דאָס לעצטע מאָל

מיין טאַטן בנימין צבי ז״ל

דאָס לעצטע מאָל,
ביי לאָזן דיך מיט אומרו פאַר מיין גיין אַוועק,
אין וויטע פרעמדן פון דער וועלט,
ווען ס׳האָבן מיט אַ ציטער דיינע ליפּן מיר,
מיט אַ שווייגן מיין געזיכט באַרירט;
— האָסט דו טאַטע, פיבעריש אין שווערן יאוש,
איינגעאָטעמט אין מיין ייִנגליש האַרץ —
דיין ניט אַרויסגעזאָגטער פּיין —
דאָס צאַפּלניש פון דיין נשמה.
און אין יענער שעה,
האָב איך שוין גע׳ירשנ׳ט אין מיין בלוט;
— דעם צער פון דיין געראַנגל אויף דער ערד.
פון יענעם טאָג,
האָט דיין ברכה — כ׳זאָל מצליח־זיין אין מיין וועג,
געפונען קאָרידאָרן אין מיין זעל —
און וויברירט נאָך אָפט ביינאַכט אין מיין געדאַנק,
וואו איך זע דיך אין זכרון פאַר מיר שטיין;
— גייען טעג פאַרביי געשיידט פון רו.
און אַזוי,
אַ יאָר נאָך יאָר,
ליגט ביז היינט נאָך איבער ים און לאַנד,
אויף מיין פּנים אויסגעקריצט דיין גורל,
וואו מיין טראָט האָט נאָר געלאָזט אַ שפּור אין פרעמד,
דורך מעת־לעתן איילנדיק מיט מיר זיך דורך דער צייט.
מיט דיין אומרו און בטחון אין מיין בליק:
דאַכט זיך ווי איך זאָג אַלץ אָן,
— דעם דורכגייער אין וועג;
— איך טראָג מיין טאַטנס שיין.

# ג ע ג ר י י ט

אין כאַאָטישן געקלאַנג
פון שטאָליקן געדריי פון ראָד,
ציט זיך נאָך צו מיר פון דורות לאַנג,
דורך הינטער־טעג ביז היינט דער סוד;
— אַ ניצוץ פון גבורה אין מיין דאָאידיקן זיין,
וואָס איז נאָך בירושה אין מיין זעל אַריין.
— נו גיי איך אויך אויף וועגן ווי דורך בערג און טאָל, —
אַזוי נאָך פון מיין יונגן אינדערפרי —
וזי מיט שליחות צו אַן אָנהייב נאָכאַמאָל,
צו מיין אויפטו, צו מיין מי.
און ווי איך זאָל זיך אין געראַנגל ניט געפינען אויף אַן אָרט,
באַגלייט אַ דור מיך מיט בטחון אין אַ שווערער צייט,
מיט ברכות נאָכגעשיקטע — צו דערהייבן מיין געפיל,
איך זאָל דאָס רשעות גובר־זיין מיט ליכט און וואָרט,
און גיין נאָר אויף דעם שליאַך וואָס פירט צום ציל,
וואָס האָט נאָך הינטער מיר מיין שטאָם געגרייט.

## פ ר י י

(סאָנעט)

מיט ליכט פון פייערדיקן ראַנד אין מיינע אויגן,
צעבליק איך אינדערפרי זיך וואַכיק אויף דער וועלט;
— ווערט ווידער נאָך מיט בלי מיין האָפענונג באַהעלט,
וואו כ׳ווער פון נייעם טאָג מיט לויב אַריינגעצויגן.

פאַרגייט היינט הינטער מיר דאָס רשעות נאָך פון יאָרן:
— געראַנגל מיט די שאָטנס אויף מיין וועג אין גאַנג,
וואָס ווערן ווי פון ווינט געטריבן פון געדאַנק,
דער נעכטן זאָל ניט וועקן צער אין מיין זכרון.

עס גייט מיט זון אַנטקעגן מיר דער פרישער מאָרגן;
— דאָס ליד פון מאַי וואָס גייט מיר נאָך פון יוגנט אָן,
האָט נאָכאַמאָל מיך היינט פון אומרו אויסגעטאָן.

צעפאַלט די פרעמדה, איך זאָל מיט זיך ניט זיין פאַרבאָרגן;
— מיט אויפטו שפּיגלען זיך אויף שליאַכן — פריי אין שיין;
— געזאַנג פון פייגל זאָל אויך אין מיין האַרץ אַריין.

# דערגרייכונג
(סאָנעט)

פון חורבות בין איך אָנגעקומען צו דעם אויפבוי פון דער וועלט,
דער אונטערגאַנג פון נעכטן האָט מיך פון דאָס ניי געבוירן,
איך זאָל ניט אין דערגרייכונג צו דעם מאָרגן גיין פאַרלוירן,
עס זאָל ניט ווערן פאַר מיין אויפשיין נאָך מיט בייז אַרום פאַרשטעלט.

פאַרוואַרף איך פון מיין טראָט דעם עלנט און פאַרלאָז אים הינטער מיר,
מיט טריט ניט נאָכגעציילטע זוכט מיין בליק אין ווייט צעגרייכן;
— מעג נאָכאַמאָל פאַר מיינע פיס פון אומקום — שאָטנס שלייכן,
פאַרנעפּלען מיר די ווייט, מיט ווענט פאַרשטעלן צו דער פרייד די טיר.

און טאָג נאָך טאָג ווער איך באַזעלט מער פון מיין אויפטו פון געדאַנק,
דערהויבן איבער גרויקייט פון דער וואָך פון רשעות׳דיק געקלאַנג;
— געלייטערט פון דער שרעק וואָס לויערט נאָך פון נעכטיקן געפאַר.

צעזינגט זיך שטיל אין מיר אַ ליד דאָ פון מיין איבערבוי צום זיג,
כאָטש הינטער מיר גייט נאָך אין וועג דער ווידער קול פון בייזע שטיק
און וויל פאַרטיליגן מיין חלום און באַדעקן מיך מיט צער.

# אַזוי איז מיין חלום

די זון אויף די שויבן.
— עס צינדט זיך דער באַרג אָן אין פלאַם פון פרימאָרגן
און הייבט אין דער הייך זיך אַרויס פון דער נאַכט,
דאָס פעלד צו באַדעקן מיט טוי און מיט שיין;
— אַזוי איז דער חלום אין טעג פון מיין גלויבן;
די ערד צו באַטרעטן פון בייז ניט באַוואַכט,
געשייד פון די פרעמדן, פון רשעות די פיין.

אַ קלאַנג דורך די הייכן.
— עס טראָגט זיך אָן עכאָ פון ווייטן פאַרבאַרגן
און וועקט אויף די שטילקייט אין וואַלד נאָך דעם שניי,
צעהאַנגען אויףביימער די פרייד פון געזאַנג;
— אַזוי איז מיין חלום אין נעפל פון רויכן,
צו גיין צו דערהייבונג פון אומרו שוין פריי,
און לאָזן פון הינטן, פון האַרבסטן — דעם קלאַנג.

# איבער מיר, אַ פֿאַרביקער רייך

איבער מיר אַ פֿאַרביקער רייך,
פֿון פֿאַרגיין פֿון דער נאַכט פֿאַר דעם פֿלאַמיקן־ים אין דער הייך.
— דער דרויסן, ער שוועבט שוין ניט מער אין דער שטיל;
— גיי איך מיט האָפֿענונג און רעכן די טריט ניט אין וועג,
אַנטקעגן דעם טאָג, צו דערגיין צו אַ ברעג פֿון מיין ציל,
וואו ס׳טראָגט אין באַגין מיר ווי נעכטן מיין זעאונג אַוועק.

איבער מיר, אַ פֿאַרביקער רייך,
גייט אויף פֿאַר מיין בליק נאָך דער סוד פֿון דער וועלט,
וואָס דרייט די מעת־לעת׳ן אַרום אויף דער ערד;
איך זאָל אין זיי זוכן מיין גורל מיט אויפֿשיין פֿאַר מיר;
— מיין מויל זאָל אַ לויב דאָ אויך טראָגן צום טאָג ניט געשטערט,
און פֿילן אין עלנט אַ וויייל אויך פֿון פֿרייד דעם באַריר.

קוק איך מיט שוויגן זיך איין דאָ אין אייביקן סוד,
וואָס איז ווי געוועזן און איז נאָך מיט הייכן פֿאַרשטעלט,
און שוויגט ווי די ערד שטיל וואָס ציילט ניט מיין טראָט.

רוט ניט מיין בליק אין דעם חלל וואָס בלאָנדזשעט אין ווייט,
נאָך דעם געקלאָנג פֿון בקשות אין אויסגוס פֿון טאָגיקער שיין,
וואָס וויל דאָ פֿאַר מיר אויך געפֿינען באַשייד פֿון מיין זיין,
אין דורכגאַנג אָן רו און מיט לאַסט דורך דער צייט.

## דערוואַרטונג
(סאָנעט)

דאָס טויער צו מיין וועג, איז אויך געוועזן אויפגעמאַכט,
איך זאָל ווי דורות הינטער מיר דאָרט גיין מיט גלויבן פריי,
כאָטש שרעק איז נאָך פאַרבליבן אויך מיט מיר צו גיין פאַרביי,
צום אויפשטיין פון פאַרטאָגן איבער שאָטנס פון דער נאַכט.

און ווי אַ קלאַנג פון עכאָ וועקט מיין נעכטן מיר נאָך אויף,
דער טאָג, וואָס האָט אָן פרייד באַגלייט מיך אין דער וועלט אַריין,
איך זאָל אין פרעמד אויך פון מיין גורל ניט פאַרגיין אין פיין,
מעג שאַרף די שטים פון רשעות פאַלן איבער מיר אַרויף.

און ווי דער וואָרצל פון אַ בוים וואָס קרעפטיקט אים אין קעלט,
ער זאָל דעם פרילינג אויף זיך נעמען מיט אַ ניי־געזאַנג;
— אַזוי דאָ וואַרט איך אויך צו הערן פון מיין טאָג דעם קלאַנג.

איך זאָל מיט פרייד אויף מיינע ליפּן בענטשן אויך די וועלט,
דער לאַסט פון אומרו זאָל מיין וועג ניט וויקלען טיפער־וויִיט,
מיין טראָט זאָל ווערן אָפּגעמעקט אין דורכגאַנג דורך דער צייט.

# פאַר אַ נייעם אָנהייב
(סאָנעט)

עס האָט די וועלט מיט פרייד מיך אויף דער ערד געבראַכט,
איך זאָל פון לעבן איבערנעמען גוטע זייטן,
און זיי, ווי מיינע אויגן, זען דאָ אָפּצוהיטן;
— צוגיין צו מיין באַשאַף מיט האָפענונג באַוואַכט.

און ווי עס צינדן זיך די שטערן אָן ביינאַכט,
און שפּיזן דורך מיט פלאַם דאָס פינצטערניש אין הימל;
— אַזוי האָב איך אַמאָל געזען מיין וועלט אין דרימל,
אין טעג פון מי וואָס האָבן אויפלעב מיר געבראַכט.

נאָך יאָרן־האַרבסט צעוואָרפענע און ווייט פון זיי,
צעטראָגט זיך פון דאָס ניי צו מיר געזאַנג פון גלויבן,
כאָטש ס׳האָט פון קאַרגע רו מיין טרוים מיך ניט דערהויבן.

און ווי עס וואַרט אַ באַרג פון נאַכט צו ווערן פריי,
באַדעקט מיט מאָרגן־טוי, מיט זון פון הויך ביז נידער;
— אַזוי דאָ שטיי איך פאַר אַ נייעם אָנהייב ווידער.

# אויפן וועג צום אויפבוי

מיין גלויבן גייט מיט מיר צום אויפבוי יעדן טאָג;
לאָז פון קאַרגע־רו מיין יאוש זאָל פאַרגיין,
און וועג ניט פון מיין אויפטו מעשים אויף אַ וואָג,
כאָטש איך ווער געשטערט נאָך צו מיין ציל צו גיין.

עס רופט דער מאָרגן מיך אַרויס צום ליד פון בלי;
גייט אַוועק פון מיר דער שטן פון דער נאַכט,
און כאָטש איך שלעפּ דאָס לעבן נאָך מיט שווערער מי;
— ווער איך פון בטחון פריי דאָ אויפגעוואַכט.

עס גייט מיין וועלט פאַר מיר מיט האָפענונג פאַרביי,
ווי די זון וואָס רייסט די וואָלקן אין באַגין;
— דערהייב איך זיך פון נידער מיט מיין חלום־פריי;
און איך זע אויך אין מיין טראָט באַדייט און זין.

עס גייט מיין נעכטן ווי אַ וואַסער־שטראָם אַוועק,
לאָז אין מיין זכרון איבער נאָך אַ שיין;
— דאָס ליכט פון דורות זאָל מיך פירן אויף מיין וועג,
כ׳זאָל אין טעג פון עלנט, אויך אָן רו ניט זיין.

# שווימט מיין שיף מיט מיר

וואָס נענטער עס פירט מיך פון פרעמדן מיין שיף צו דעם ברעג,
נאָך זע איך מעת־לעת׳ן וואָס זיינען פון מיר ניט אָוועק;
— מיט וועלדער צעוואקסן, דערהויבט זיך מיט שפּע אַן אינדזל אין ים,
און כוואַליעס ווי שניי־בערג באַרינגלען אַרום דאָס מיט וויסטן געשריי,
פון ווינטן וואָס שניידן דאָס וואַסער אין לויף ווי מיט בייזקייט פאַרביי,
באַגלייט פון דער זון, וואָס צעשניידט אין די הייכן די נאַכט — מיט איר פלאַם.

וואָס נענטער, עס פירט מיך פון פרעמדן מיין שיף צו דעם ברעג,
נאָך זע איך מעת־לעת׳ן וואָס זיינען פון מיר ניט אָוועק;
— דאָס אינדזל דערהויבט זיך און טונקט זיך אין זון צו באַלייכטן די וויַיט,
די וועלט זאָל פון ערגעץ דערזען נאָר דאָס רשעות וואָס לאָזט זי ניט אָפּ,
און וויל מיט דעם פּחד פון ווינטן, עס זאָל אין די טיפן אַראָפּ,
פאַרגיין אין געראַנגל און בלייבן אַזוי ווי פאַרמעקט פון דער צייט.

# אין ליכט פון מיין דור
(סאָנעט)

מיט זון פון נייעם אינדערפרי אין מיינע אויגן,
באַטרעט איך נאָכאַמאָל פון עלנט היינט די שוועל,
און ווידער ווערט די פרעמד אַנטקעגן מיר אויך העל,
איך זאָל ניט גיין מער מיט מיין קאָפּ פון ווי געבויגן.

פאַרבלייבן הינטער מיר די טעג פון שווערע יאָרן,
וואָס האָבן צוגענומען פון מיין וועג די רו,
כ׳זאָל אָן געראַנגל צו מיין ציל גיין גרייכן וואו;
— די אַנגסט פון נאַכט זאָל ניט פאַרגיין פון מיין זכרון.

צעצינדט זיך אויף מיין פּנים פרייד פון נייעם גלויבן;
— מיין טראָט זאָל מער ניט ווערן מיד דאָ אין דער וועלט,
איך זאָל ווי נעכטן ניט דערזען מיין וועג פאַרשטעלט.

גייט אויף פאַר מיר דאָס ליכט וואָס האָט מיין דור דערהויבן,
איך זאָל זיין אָפּשיין ניט פאַרלירן פון מיין בליק,
און מער ניט גיין צום נעכטן מיט דער לאַסט צוריק.

# אמונה
(סאָנעט)

דער וועג פון נעכטן האָט מיט אומרו זיך געשלענגלט לאַנג,
און שווער געוועזן איז מיר פון אים צום ציל אַרויסצוגיין,
עס האָט מיין בליק אויף אים אַ גרענעצלאָזן וויסט געזען,
מיט ווייטע מיילן שפרייטן זיך פאַר מיינע פיס אין גאַנג.

און כאָטש איך האָב דעם וועג ניט איינמאָל אויך מיט אַנגסט באַפּלעקט,
האָט דאָך מיין האַרץ געפירט מיך אין פאָרויס דורך זיין געפאַר,
געשטאַרקט די פיס פון שלעפן זיך פאַרזאַמט, באַהעפט מיט צער,
מיט אויגן ניט דערשלאָפענע, אָן שרעק — צום ווייט געשטרעקט.

עס האָט אמונה מיך געטראָגן, פריי און אומדערמידט,
אַז כ׳האָב מיין בליק צעהאַנגען און באַדעקט די ווילד מיט טריט
און דורכגעגאַנגען שווערע פרעמדן און געשניטן וועג;

ביז כ׳האָב דערזען אויף זיך דאָס פרישע ליכטיקייט פון ווייט,
און האָב דערפילט אין מיר דעם גבור פון אַ גרויסער צייט,
וואָס מעקט אָפּ — וויסט פון שליאַכן צו אַ וועלט פון נייע טעג.

# אין דערוואַכונג

ציַנדט די זון אין רוים אָן — אַ פּרימאָרגן,
עפנט שטיל פון שלאָף די אויגן אויף;
גיי איך צו אַ מאָל אויך צו מיין פענצטער,
קוק מיט שווייגן ווייט אין הייך אַרויף.

הייב איך אָן צו זוכן אין די הייכן
יענעם חלום, יענע פרייד אין בליק, —
יאָ, דאָס ליכט וואָס האָט געשיינט פון אויגן
און דער גלויבן מיר געבויט — אַ בריק.

זוך איך ווייט און טיף ווי אין אַ נעפל,
כאָטש אַ שפור פון יענע טעג נאָך זען,
מעג איך ביי דער שיין דאָ פון מיין דמיון
אין דערוואַכונג ביי דעם פענצטער שטיין.

# טאָג נאָך טאָג
(סאָנעט)

מיט שטיקער וועלטן פאַר די אויגן און מיט ציל־גאַנג אין די טריט,
איילט מיט דער וואָך דאָס לעבן אויף די טראָטואַרן ענג פאַרביי.
דער טאָג צעוואַרפט מיט שטויב, דעם אויפברויז פון דעם שטאָטישן געשריי,
ווי ס׳וואָלטן רעדער אויף דעם שטיינערדיקן ברוק, דעם טאָג געשמידט.

און ווי עס זאָל קיין צייט, ניט שאַרן זיך אַרויס פון דורך אַ ראָג,
ליגט איינגעצאַמט די שטאָט מיט מויערן צעטורעמטע צום הויך,
און איבער זיי די זון דאָרט צו פאַרדעקן — נעפּלט זיך אַ רויך,
ווי ס׳וואָלט אין הייך איצט דורך די קוימענס אויסגערויכערט זיך דער טאָג.

און נאָך דעם רויש, שרייט נאָך דער אומרו וואָס פאַרטרייבט דעם טאָג אָן צייט,
און לאָזט ניט צו די פענצטער פון די ווענט דאָרט צו די זון אין פראַכט,
דאָס לעבן זאָל אויך זיין מיט גרויע שאָטנס איבער ׳ווענט באַוואַכט,

וואו שעהן פון דער וואָך צעלייגן זיך מיט שטויב פון טיף ביז ווייט,
דאָס לעבן זאָל דורך גאַסן ניט דערזען די רו וואָס שווימט פאַרביי,
און ווי פאַרמשפּט אָטעמען אַריין פון טאָג — די לופט ווי בליי.

ניט אָפּגעשטאַנען פֿון די קינדער בין איך אין געלויף,
אין אייל דערגרייכן אויפֿן באַרג דעם מאַרגנפֿלאַם אין הייך,
און קוקן פֿון דער הויך מיט שיין באַגאָסן צו דער ערד,
ווי ס׳וויגט דאָס ווייטע פֿעלד זיך מיט די גראָזן ווי אַ טייך.

אויך לויפֿן מיר דורך געסלעך ווייט מיט זיי אַוועק אין וואַלד,
און כאַפּן דאָרט זיך אויף די ביימער פֿלינק און פֿריי אַרויף.
צעהעכערט זיך נאָך דאָס געזאַנג פֿון פֿייגל אין געררויש;
און ס׳גייט דער פֿרילינג איבער אונדז נאָך יום־טובדיקער אויף.

— נו זינג איך מיט די פֿייגל און איך הייב זיך אין דער הויך,
כאַטש איך האַלט זיך מיט די הענט אָן אין די צווייגן קוים.
עס טראָגט זיך פֿון דער ווייט צוריק אַן עכאָ פֿון מיין קול,
וואָס דעקט מיך צו מיט פֿרייד, ווי כ׳וואָלט געשוועבט אַרום דעם בוים.

עס האָט דערטראָגן זיך צו מיר אַן אָפּקלאַנג אויך פֿון ווייט;
— דער קלאַנג פֿון פֿרי האָט מיך געוועקט צו גיין אַוועק אין שאָפּ.
איך בין מיט שלאָף אַראָפּ פֿון בעט און צוריק אַריין אין וואָך,
און נאָכאַמאָל געהויבן צו דעם נייעם טאָג מיין קאָפּ.

עס לאָזט דער זייגער מיך ניט חלומ׳ען צו לאַנג ביינאַכט,
און ווייזט זיין ווייזער מיר, ווי לאַנג איך קען אין הויז נאָך זיין.
און איילנדיק האָב איך געלאָזט זיך צו מיין מי אַרויס,
און מיטגענומען האָב איך אויך מיין טאָג אין שאָפּ אַריין.

# נ ע ק ל אַ נ ג

— געוועקט האָט מיך פון חלום, דער געקלאַנג פון אינדערפרי.
נו, בין איך נאָך מיט שלאָף אין אויגן פון מיין בעט אַראָפּ.
אין פענצטער האָט אַריינגעקוקט דאָס אויפגיין פון דעם טאָג,
און האָט מיין בליק צעצונדן און באַדעקט מיט זון מיין קאָפּ.

נאָך האָב איך זיך, מיט מידקייט פון דעם נעכטן, אָנגעטאָן,
און וואַשנדיק פון מיינע אויגן גיך דעם שלאָף אַרויס;
— געבליבן בין איך שטיין אין שטוב אַ וויל פון ליכט פאַרבלענדט;
— עס האָט אַ פריילינג מיך אַרומגענומען אין מיין הויז.

— עס גלעט אַ פרייד מיין האַרץ און כ׳זע זיך מיט מיין יוגנט שטיין;
עס קעמט דעם קאָפּ מיר אויס מיין מאַמע מיט איר ווייכער האַנט,
און זאָגט מיר: — קינד מיינס, ווערסט אין חדר היינט אַוועק ניט גיין,
פאַרבלייבן וועסטו מיט דיין ברודער אין דער היים ביינאַנד.

די מאַמע גייט אין שטאָט נאָך סחורה קויפן פאַר דער קראָם,
געגאַנגען איז דער טאַטע האַנדלען היינט אין מאַרק אַריין,
פאַרבלייבן וועט איר קינדער ביז אין האַלבן־טאָג אין שטוב,
כ׳וועל זיך ניט פאַרזוימען און פאַר־מיטאָג צוריק נאָך זיין —

האָט פרייד געשיינט פון מיינע אויגן און באַשיינט מיין טאָג,
עס האָט די מאַמע אונדז געלאָזט דאָ ברויט און גראָשנס צוויי,
נו, גייען ביידע מיר אַרויס זיך קויפן עפּעס וואָס;
— דערזע איך קינדער לויפן מיט דעם פריילינג אונדז פאַרביי.

# הער איך

2

הער איך,
ווער עס רעדט פון דיר:
— מיט באַנעם און באַשייד,
מיט ליפּן פרייד;
לייכטן אויף אין ליכט פאַר מיר,
— דיינע אויגן,
ווי די פלעמלעך פון אַ טורעם אויף אַ באַרג,
אין אַ פרילינג נאַכט.
קוק איך מיט דערהויבונג אין דער וועלט אַריין;
ווערט מיין פּנים אויפגעוואַכט,
ווי באַדעקט מיט שיין,
פון אַ קרישטאָלנדיקער לאָמפּ.
קוק איך אויף דיין גייסט און אויף דיין חן,
וואָס שיינען קלאָר אַרויס פון דיין געדאַנק,
וואו דו שטייסט פאַר מיר באַהאַרט מיט טוי,
ווי דער אָנהייב־טאָג אין זון־געוועב,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו מיר.
ווערט מיר אויף מיין האַרץ דאָ גוט אַזוי,
גוט, פון גאָטס געשאַנק, —
צו קוקן דאָ אויף דיר.

1922

# דיין האַלדז־טוך

אסתר מלכהן

1

דיין האַלדז־טוך
האָב איך היינט גענומען אויף מיין האַלדז,
האָט אַ ווײַ געטאָן אויף מיר
די זיידקייט פון דיין האַרץ.
בין איך אין מיין גאַנצער פרייד,
מיט דעם האַלדז־טוך
אויף מיין האַלדז
אַרומגענומען ווי פון דיינע הענט;
צוגעגאַנגען צו דעם שפיגל:
איז מיר גוט געוואָרן,
גוט אויף מיין געמיט
פון דיין געשאַנק.

1922

# ב י י נ אַ כ ט
(סאָנעט)

עס בלענדן שטערן איבער רויש אין גאַסן פון ניו־יאָרק,
און שפּיזלען דורך אין קופּער־רוים די פינסטערניש פאַר ווייט.
עלעקטרישע פייערן צעצינדן — פרייע צייט,
און דעקן אונטן צו מיט פאַרבן וואַכנדיקע זאָרג.

באַדעקט מיט שטיקער טומלדיקע גאַסן פון דער נאַכט,
פלעכט איין מיין בליק זיך אין די שטערן־פעדים איבער מיר.
דערהויבן מיך אין הייכן מיט שעמערירנדיק באַריר,
וואו שטיקער נעכטנס פון מיין לעבן ווערן אויפגעמאַכט.

און ווי עס גייט אַ שיף פאַרביי די אינדזלען אויף דעם ים,
און לאָזט נאָך זיך אויף כוואַליעס איבער, קנוילן רויך און שוים;
— אַזוי גייט אויף פאַר מיר די וועלט פון נעכטן אין מיין טרוים.

איז גוט צו קוקן אויף די שטערן, אויף אַיעדן פלאַם,
די טעג פון מאָרגן קומען אָן אַנטקעגן אין געדאַנק
און וועקן קלאַנגען טיף אין מיר, פאַר מאָרגנדיק געזאַנג.

# אין גלי פון מאָרגן־ראַנד
(סאָנעט)

אין גלי פון מאָרגן־ראַנד בליט אויף דאָס לעבן איבער מיר,
און הייבט מיך אויף מיט זון, ווי מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט,
אַרויפצופירן אויפן שליאַך מיך צו דעם מאָרגן־־לאַנד,
איך זאָל אויך אין פרימאָרגן מיט דער זון זיין אין באַריר.

און אין דערהייבן זיך מיט יום־טוב פון דעם שטויב און רויך,
וואָס אָטעמען אַרויס פאַבריקן דורך דעם מויל פון שטאָט;
— דערפירט מיין עול מיך צו באַוועגן אין דער שאָפ די ראָד;
— דאָס לעבן איבער מיר זאָל ווערן מער געשטאַרקט מיט כוח.

מיט אויגן ניט מיט יאוש, קוק איך אויף מיין בוך פון טעג,
וואו ס׳שטייט געקריצט מיין אויפטו, ווי אין ראַמען פון אַ בילד,
און לאָזט מיך ניט אין לעבן זיין פון אומרו איינגעשטילט.

הענגט אויסגעוועבט פאַר מיר נאָך די אילוזיע פון מיין וועג,
וואָס שניידט אַריין זיך אין אַ ניט־געטראָטנדיקן ווייט,
און ליכטיקט אויס דעם האָריזאָנט ווי אין מיין יוגנט־צייט.

# איבער גאַסן
(סאָנעט)

עס ליגן עווענױס ווי איינגעצוויגט אין גאַסן מײלן לאַנג,
און זאַפּן איין פון טאָג די זון, ווען נאַכט גייט פון דער שטאָט אַרויס;
עס ליגט די רו פאַרזונקען אין דער ערד, פאַרטריבן פון גערויש,
פון וועגענער און אויטאָס איבער וועגן אין געאייל־געדראַנג.

און ניט צו לאָזן טראָטואַרן רוען זיך פון טומל אָפּ,
צעקרישלען פון געלויף פון פיס דאָס שווייגן אונטער זיך אין גאַס;
— וואָס ווערן פון אַן אומרו נאָכגעיאָגט מיט ברויזן ווי מיט כעס,
און טרעטן פון די טראָטואַרן מיט דער שפּעטער שעה אַראָפּ.

און ווי עס ציטערט אויפן אַספאַלט שפּעט ביינאַכט אַיעדער ווייל,
צעטראָגט אַ רעדער לויפעריי אַרום אַ ווילד גערויש אין אייל
פון באַנען אין דער טיף, וואָס יאָגן זיך צעפלאַמט אַן טאָג באַהעלט.

דער בויער אויף דער ערד און מיט פאַרנעם אין טאָגיקן־ווירוואַר;
האָט מיט גבורה אויפגעבויט די מויערן ווי מיט געפאַר,
— מיט עווענױס צעשניטן גאַסן און אויף זיי מיט שטאָלץ צעשטעלט.

# אַ פאַרבייגייער
(סאָנעט)

די שטערן פינקלען פון די הייכן אויף דער שטאָט אַראָפּ
און שניידן ווי מיט שפּיזן דורך דאָס פינצטערניש אין רוים,
כאָטש אונטן אויף דער גאַס דערגרייכט צו מיר אַן אָפּשיין קוים,
גייט אויך אין ליכט פון לאָמפּן ניט מיין זאָרג פון פּנים אָפּ.

די גאַסן האָבן אויך ווי איך קיין רו ניט אין דער נאַכט,
די וועגן ווערן פון די רעדער אין געלויף ניט פריי;
— דער אויטאָ ווי דער אומרו טרייבט געררויש אין אייל פאַרביי,
דורך „קינאָס״ און טעאַטערס וואו מיט פרייד דאָס לעבן וואַכט.

און ווי אַ שאָטן ווערט אין לויף פון שיין פאַרדעקט אויף ווענט,
אַ בליק זאָל אים אין רויש ניט זען אין עלעקטרישן בלענדט;
— טרעט אויך פון מענטשן — פלאָנטער אָפּ מיין שאָטן אין אַ זייט.

און ווי עס פאַלט געשריי פון וואָרט אין שטאָל געררויש אַריין,
וואָס הייבט זיך איבער מיר צעגליט מיט פאַרבנדיקער שיין;
— ווערט אויך אויף טראָטואַר דער עלנט ניט פון מיר געשיידט.

## אַ שיף

אַ זעגל שיף, — געטריבן פון ווינט אויפן ים,
געשליידערט פון כוואַליעס נאָך איר אין געיעג;
— נאָך בין איך אין גאַסן־געפּלאָנטער אין שטאָט,
ווען כ׳גיי מיט דער פרעמדקייט אַרום אויף מיין וועג.

אַ מאַסטבוים צעפּלאָטערט מיט אומרו אין ווינט,
וואָס רייסט זיך מיט שוויגן און ציטערדיק שווער;
— אַזוי וויברירט אין מיין האַרץ מיר דער טרויער,
און מאַכט נאָך דאָס לעבן מיר וואָכנדיק מער.

## שוים

איך בין אַ לויפנדיגער שטראָם אין וואַסער,
וואָס אײַלט זיך שווימענדיק אַוועק,
לאָזט נאָך זיך שניי — פּאַסן איבער, —
און צילט נאָר צו אַ ברעג.

איך בין אַ לויפנדיגער שטראָם אין וואַסער,
און ווי די פּאַסן־שוים אין טייך, —
וויקלען אויף זיך מיינע נעכטנס, —
און גייען אונטער גלייך...

# הינטער דער שטאָט

הינטער דער שטאָט,
ליגט די רו פון דער וועלט.
ציט מיך אָפטמאָל צו דער רו,
פון טאָג כאַאָס פון שטאָט.
און גיי איך נאָר אַרויס,
פון דער ווירבלדיקער גאַס,
נאָך די רו פון דער וועלט: —
דערהערט די ווייט מיין טראָט,
— אין פעלד.
שרייט אויס דער בוים אין וואַלד,
מיט ציטער און מיט רעש,
פון מיר דעם קלאַנג. —
שרעקט זיך איבער באַלד,
פון מיין טראָט, —
די רו,
— איך זאָל ניט שלעפן מער צו איר,
דעם רויך און שטויב פון רויש,
מיט מיר,
און צעשפרייטן נאָך די שטאָט,
אין רו דאָרט פון דער וועלט.

## שטאָט
(סאָנעט)

דאָס לעבן פון די גאַסן דיינע, היימלעכע פון שטיין געבוי,
האָט איינגערייפט אין כוואַליעס אומרו, מיין נשמה אין געפאַנג,
און האָט ניט איינמאָל מיר אין וועג פאַרווירט מיין ליכטיקן געדאַנק,
פאַרנעפּלט מיינע זעאונגען פון יונגען האַרבסט אין טעג פון גרוי.

און כאָטש איך האָב געבענקט אין שווייגן נאָכן פלאַטער פון אַ טויב,
איך זאָל פון טאָלן־קאָרידאָרן צו דער זון מיט פרייד אַרויס;
האָט אָפטמאָל מיך דיין לעבן דאָ צוריקגעהאַלטן אין גערויש, —
דו זאָלסט אין דיינע אָרעמס מיר באַנעפּלען מער מיין טרוים מיט שטויב.

און ווי עס גייט אַ קעמעל אין דער וויסט, מיט מיילן שטויב אין וועג,
און ציט נאָך זיך אַ קאַראַוואַן, באַלאָדן מיט געוויכט צום ברעג;
גיי איך דורך גאַסן, שלעפנדיק מיט זיך מיין לעבן באַרג אַרויף.

און ווי די זון־בלום קערט ניט אָפּ איר פנים פון איר שיין אין פעלד,
נעם איך אין דיינע גאַסן ניט מיין בליק אַרונטער פון דער וועלט;
— מעג פון חלומות מיינע דאָ זיך הייבן, מיט אַ שטויב אַרויף.

# פון פרי ביז שפעט
(סאָנעט)

מיט הייזער און קופּאָלן, אויפגעשטאַקט אין שטאָליקן געבוי,
שטייט טורעמדיק די שטאָט ווי פּאַר אַן אויסשטעלונג פון ראָג צו ראָג,
פון איבער דעכער ווי פאַרנעפּלט פּאַלט מיט זון אַראָפּ דער טאָג,
און וואַרפט אויף פענצטער שטיקער הימל, ווי באַדעקט מיט מאָרגן־טוי.

מיט זון און רויך קומט אָן דער טאָג דאָ צו געוועלטיקן מיט כח;
צעהענגט די אומרו איבער גאַסן וואו עס ווערט די רו צעשטערט,
דער ווילדער עכאָ פון די רעדער הייבט זיך רוישיק פון דער ערד,
און פאַלט אויף ווענט און מויערן ווי מיט אַ שטויבנדיקן רויך.

אין גאַס אויף טראָטואַרן איילן מענטשן אין אַן־עול־געדראַנג,
ווי איבערנעמען איינער ביי דעם אַנדערן דעם סוד צום ציל;
— ניט זעענדיק דעם שאָטן הינטער זיך וואָס שאַרט זיך אין דער שטיל.

און ווי אין טאָלן צווישן ווענט אויף גאַסן אין דעם שטאָל־געקלאַנג,
צערעדערט טרייבט דאָס לעבן צום באַשאַף דעם מאָרגן אין געאייל,
ווי אָנגעטריבן פון אַ האַנט, וואָס לאָזט די רו ניט צו אַ ווייל.

— ווי ס׳וואַלטן אונטער מײַנע פיס געוויינט שטיל יענע טעג,
וואָס האָבן זיך פאַר מיר געשפּיגלט אין דער שײַן פון גאָט.
— טעג, ווי ס׳האָט אַ יום־טוב פון מײַן בליק געבליצט אַרויס;
פון געלויף אַרום ווי נאָכצולויפן נאָכן ווינט,
נאָך מער צעוויכערן די שפּיל אויף באַרג און טאָל,
— נאָך האַרבסטיקע פאַרנאַכטן נאָך אַמאָל.

פאַרגייט די רו פון חלום׳ען אינדרויסיקן גערויש,
וואו ס׳טראָגט זיך איבער מיר געקלאַנג פון שטאָל אַצינד,
ווערט אומעטיקער מײַן געדאַנק פון לויפן צום אַמאָל,
וואָס האָט פאַר מיר — מײַן היינט געהאַלטן פאַר אַ סוד,
און האָט געבויט אַ נעסט מיר אין זכרון פאַר געזאַנג.
די פרייד זאָל שפּעטער זײַן צו מיר נאָך קאַרג און בלינד;
— איך זאָל אין האַרבסט זיך זען דאָ ווי אַ שאָטן אין מײַן גאַנג.

# נאָך אַ ווינטיקן רעגן

... און ניט איינמאָל, נאָך אַ ווינטיקן רעגן,
אין פאַרגיין פון די כמאַרעס פון טאָגיקער שיין,
קומען אינדרויסן אין גאַס מיר אַנטקעגן;
— בילדער, ווי כ׳בין אין מיין יוגנט אַריין.

צעפינקלען זיך אָ יענע בילדער פאַר די אויגן;
ווי טויבן וואָלטן פון דער ווייט צו מיר געפלויגן,
מיט רעגנבלענד אויף זיך אין זון פון ערב־מאַי.
— און איידער ס׳לויפט אַ בליץ נאָר פאַר מיין בליק פאַרביי,
איך זאָל דערפילן היינט פון זיי נאָך דעם באַדייט;
— צעגייען זיי ווי רעגנ־טראָפּנס אויף דער ערד.

טרעט איך און צעטרעט די בילדער פון מיין פרייד,
וואָס האָט אַ פרילינג איבער מיר צעווייט דאָרט אומגעשטערט,
און איז פאַרמעקט געוואָרן אויף מיין שליאַך דאָ פון דער צייט.
— הער איך אין דעם קלאַנג פון מיינע טריט אין וועג,
פון טראָטוארן גרוי־באַוואָסערטיקע אין דער שטאָט;

# שפעט ביינאַכט
(סאָנעט)

דער „סקווער״ איז העל צעצונדן פון עלעקטרישער שיין,
וואָס שניידט מיט שנירן־פייערן אַדורך דער שוואַרצער נאַכט.
דאָס לעבן רוישט מיט „קינאָס״ און טעאַטערס אויפגעוואַכט,
און רופט מיך אויך מיט פינקלענדיקער בלענד צו זיך אַריין.

דאָס לעבן לאָזט אָן טריט, די טראָטואַרן, פוסט ניט זיין,
און טרייבט מיט שאָטנס נאָך די מענטשן אין געגאַנג צום ציל.
די אויטאָס ווילן פון געאייל אין גאַס ניט ווערן שטיל,
און יאָגן, און פאַרטרייבן, רגעס־רו פון ברוק און שטיין.

און אין געווירבל גייט פאַר מיר, דער עלנט האַרט פאַרביי,
כאָטש פרעמדע היימלעכקייט אין דרויסן איז פאַר מיר אויך פריי;
— דער טרויער זאָל אַ ווייל ניט קוקן פון מיין בליק אַרויס.

אין ליכט דערזע איך, ווי איך שלייך זיך אָפּגעפרעמדטערהייט,
כאָטש כ׳ווער אויך מיט קאָלירטע־פייערן אין גאַס באַגלייט,
און פּלאָנטער זיך אין פריילעכקייט, אַ פרעמדער אין געררויש.

# נאָכן טאָג
(סאָנעט)

די פלעמלעך פון לאָמטערן, רועט אין דער נאַכט ניט איין,
און ווערן פון דעם שאָטן פון מיין טראָט געשטערט אין גאַס.
די רו האָט פון דעם טראָטואַר פאַרשאַרט פון טאָג דעם רעש,
און אויסגעלאָשן אין די שויבן פון דער זון די שיין.

די הייזער קוקן אין דער פינצטער אין דער וועלט אַריין,
און קענען ניט דערזען אַ שפור פון טאָג, וואָס איז אַוועק,
געלאָזן בלויז דאָס ליכט פון גאַסן־לאָמפּן אויפן וועג;
די פונקען זאָלן אין דער נאַכט מיט זיך אַליין איצט זיין.

די עכאָ פון מיין טראָט שלאָגט אָפּ פון אומרו ניט געשיידט,
וואָס ס׳האָט אויף מיר די זון געלאָזן אין פאַרגיין אין ווייט;
די נאַכט זאָל אין דער פרעמד פאַר מיר ווי נעכטן זיין אַ שטער.

פון הימל גייט מיר נאָך אַ שטערן און באַלייכט מיין גאַנג,
מיין שאָטן זאָל די רו צעשניידן מיט מיין גייאיק־קלאַנג;
דער עלנט זאָל ניט אויף מיין מאָרגן פאַלן לאַסטיק שווער.

# אַ דינער שטראָם אין ברייטע וואַסערן

אַ דינער שטראָם אין ברייטע וואַסערן,
וואָס ווערט אין לויף פאַרשלונגען צווישן זיי;
אַזוי פאַרליר איך זיך אַרום אין שטאָל־געררויש
פון דיינע גאַסן, ווען איך גיי.

אַ שוים־פּאַס אויפן ים, אַ זילבערנער,
וואָס אַ שיף דאָרט ציט נאָך זיך נאָר מיט׳ן ראָד;
אַזוי אַ, גיי איך אָפּטמאָל אין די גאַסן אום
אין רויש פון טאָג, אין מיטן שטאָט.

# טאָג

טאָג.
פֿרימאָרגן פֿאַר מיין שוועל.
האָפֿענונג אַלץ פֿון מיין זעל.
און — דערוויטערונג פֿון רו אין מיין געדאַנק.
אין דער ליכטיקייט אין הייך,
בלאַנדזשעט אויך מיין בליק דאָ גרענעצלאָז און פֿריי,
ווי דער פֿויגל אין אַפּריל־טאָג אין שטאָט.
און דער רויש וואָס גייט פֿאַר מיר פֿאַרביי,
שטערט אין גיין מיר מיין באַוועג ווי אין געפֿאַנג.
ווער איך ווי פֿאַרנעפּלט אין דעם שטויב און רויך,
וואו דו לאָזט ניט, טאָג, מיר ציילן דאָ מיין טראָט,
דורך שעהן ליכט צו מיין דערגרייכונג פֿון מיין מי;
ווער איך ווי אַ שאָטן, פֿרעמד אויך אָט דאָ הי
אין געלויף אין שטאָט.

איז שוין ניט איין באַרג געלעגן אַזוי,
דורך יאָרן פאַרביי — לויף פון רוישיק געבוי.
געלעגן מיט סודות פון נעכט און פון טעג,
וואו ס׳האָט דאָ דער באַרג אויך געבליט צו אַ ציל,
געטריבן פון ווינט־ראָד צו שפּינען נאָך פּיל —
און איז ווי אַ שאָטן אין פלאָם פון גראַנגל אַוועק;
— געלאָזן אין חלל אַ חלום פון מעשים אַ טרוים,
ווי אויף אַ וואַסער נאָך כוואַליעס — אַ שוים.

אַ באַרג,
מיט ברוכוואַרג,
ליגט ווי געקייטלט אַזוי פאַר אַן אָפענער טיר;
— קעסלען, געהילץ און געשיר,
שטאַנגען און טירן, רערן און בלעך,
רייפן און שרויפן, געצייג און דאָס שמעלץ;
— גלידער פון אויטאָס, מאַשינען און רעדער,
פון זשאַווער צעפרעסן, געלעכערט מיט שטעך;
וואַרטן צו ווערן אין טיגלען געשמעלצט,
געשטאַלטיקט צו ווערן, געפורעמט פאַר שפּעטער;
— באַנייען צום נוץ אויף דער ערד פון דאָס ניי,
און גיין מיט שליחות די וועלט נאָך פאַרביי.

צעטריבן דעם זומער אין הייכן אין ווינט ;
— געפורעמט אַ באַרג,
ווי היינט דאָ מיט ברוכוואַרג,
צו וועלקן אַצינד.

אַזוי ווי אַ גלאָז אַ קרישטאָלנס אין גלי־פלאַם,
געווען איז ניט איין ברוך געפּאַסט אין אַ ראַם,
וואו ס׳האָט זיך געשפּיגלט אַ וועלט אין איר ראַנג,
געשליפן נאָך שאַרפער געגיי פון געדאַנק ;
— האָט זיך דאָס לעבן געהוידלט — אַהין און אַהער.
געגנישטערט עשירות אַוואו זיך געטאָן נאָך אַ קער,
ביז ס׳האָט אין געטרייב און געלויף פון דער צייט ;
— אַ לעבן פאַרזוימט צו דערגרייכן נאָך ווייט.

ליגט ער, דער באַרג,
פאַרלאָזן אין ברוכוואַרג,
פון לעבן שוין מער ניט באַדינט ;
— חלומות, קאָלערן, צעשווימען, צעשפּינט,
צעבראָכן, צעברעקלט מיט ערד און מיט קויט,
דערהויבן אין קופּע — ביז איבערן פלויט . . .
און אַזוי ווי דער באַרג,
געטורעמט מיט אַלטוואַרג,

געגייט און געשטעפט,
און דחקות געשלעפט,
פון נעכטן צום היינט
צום מאָרגן וואָס שיינט.

ושאָוועדט דער באַרג,
אין שפענער מיט אַלטוואַרג,
וואָס ס'האָבן אויך הענט דאָ — געשאָפן דורך טעג,
די אוצרות און מי ווי געשאָנקען אַוועק;
— געגעבן בייטאָג, און געגעבן ביינאַכט,
און נאָכדעם געוואָרן ווי שטיל אויסגעלאָכט,
און נאָכדעם דעם שטח געענגט אין גערויש;
— געגאַנגען צום דרויסן אַרויס.

געווען אויך ווי היינט אויף דער ערד אַזאַ מאַרק,
מיט כלים פאַרשידן — אַ באַרג נאָך אַ באַרג;
פונקט ווי אַצינדער צום האַנדל צעשטעלט,
מיט פּרות אַ שפה באַרייכט אין דער וועלט.
זיינען דורך יאָרן געקומען מיט אויפבלי אויך טעג,
און האָבן גענומען פאַר זיך, פאַר אַ דור דאָס אַוועק;
— געלאָזט און באַנוצט צום געבוי פאַר אַ שלאָס,
און שפּעטער אין הארבסט דאָס געבראָכן ווי גלאָז;

ליגט ער, דער באַרג,
מיט קופּעס מיט שמעלצוואַרג,
מיט קויט און מיט זשאַווער באַדעקט;
— אָפּן פאַר הימל און ערד; —
אין שיין, וואָס די צייט האָט צעשטערט;
אין גאַנג פון די טעג אויף דער ערד דאָס געעקט,
און שיילט אָפּ פון באַרג איצט נאָך שטיקער מיט ראָסט.
— נאָך יאָרן געאיילטע פון פאַרביקער פּראַכט,
געוואָרן אינדרויסן אויף הפקר פאַרלאָזט;
— די וועגן צערעדלען פאַרמאַכט.

ליגט ער, דער באַרג,
ווי אויף אַן אָפּענעם מאַרק,
צעליגט מיט זיין אויפּטו — און רונדיק צעשטעלט,
אַזוי ווי אַמאָל, אַזוי אויך דאָ היינט אויף דער וועלט;
— ווען ס'האָבן די כלים נאָך פאַרביק געבליצט,
אין רויש פון באַנוץ, פאַר אַן אייגן געברויך,
צעהייבן דאָס לעבן פון נידער צום הויך,
מיט אָפּשיין צעפינקלט און זוניק צעשפּריצט;

— די וועלט דאָ געדינט,
— חלומות געשפּינט,

## ברוכוואַרג

ליגט אַ באַרג,
טורעמדיק מיט ברוכוואַרג;
— באַשווערט מיט מכשירין דער ערד;
— שטאַנגען און קעסלען, צעבראָכן און אַלט,
געפורעמט פון הענט און פון הענט שוין צעשטערט.
מאַשינען און רעדער פון אייזן און שטאָל,
וואָס האָבן געאיילט און געוועדעלט אַמאָל,
געברענט מיט גבורה, גערוישט און געשאַלט;

געפורעמט, געשמידט,
געקלאַפט און געזידט,
געפוצט און פּאָלירט,
געבויט און רעגירט. —

אַז ס׳האָט שוין די וועלט פון דעם נוצן געהאַט,
נאָך רייכער געוואָרן מיט אויפטו, מיט מאַכט,
— האָט זי אין ברוכוואַרג די כלים געבראַכט,
אין ריזיקן סקלאַד.

# אַ רעגנבויגן
(סאָנעט)

עס איז אין הימל אויפגעגאַנגען היינט אַ רעגנבויגן,
די בערג און פעלדער אין דער ווייט מיט בלוי און בלוט צעבלענדט;
אַרויסגעלאָזט דאָס לעבן פון אַרום פאַרמאַכטע ווענט,
מיט טוי פון אויפגאַנג אויסגעוואַשן אומעט פון די אויגן.

די זון האָט אויפגעהויבן פון דער ערד צוריק דעם רעגן,
די וואָלקנס דאָרט פאַרטראָגן אין דעם מיילן־ווייטן הויך;
פון שפּיצן פעלזן האָט צערויטלט זיך אַ קופּער־רויך,
און אָנגעצונדן, ווי מיט שפּיזן, גאָלדיק מיינע וועגן.

די זון האָט צוגעדעקט ווי מיט וואואָלן פעלדער זאַנגען,
באַהאַנגען זיי מיט דימענטלעך צעשיינען פון דער ערד;
— איך זאָל דערזען אַצינד אין זייער גלאַנץ פאַר מיר דעם ווערט.

דער נעכטן האָט אין מיין נשמה אָנגעהויבן צאַנקען,
דאָס ליכט האָט זיך באַזעצט אין יעדן ווינקל פון מיין זעל,
און אָפּגעמעקט פון אונטערגאַנג דעם שאָטן ביי מיין שוועל.

# אין ליכט פון דער ווייט

איבער מיר
הענגט נאָך דער סוד פון דער וועלט;
בלאַנדזשען אַרום אין דער הייך, אין דער טיף
בקשות פון ברואים אין ליכט פון דעם טאָג,
צו קאָנען געפינען אין לעבן אַ תקון פאַר זיך,
אין דורכגאַנג מיט לאַסט דורך דער צייט.
דערהייב איך אין דרויסן מיין בליק אינדערפרי,
ברענט אַ צעגליטער דער מזרח אין ווייט;
— די זון איבער בערג.

גיי איך אַנטקעגן דאָס ליכט אויף מיין וועג,
גיי מיט שליחות דאָ הי אויף דער ערד,
וואו ס׳טראָגט מיין געדאַנק מיך מיט זין צו באַשאַף,
און אײדער מיין פוס דאָ דערגרייכט צו אַ ציל,
דערהייבט זיך אין וועג שוין פון הינטן — די נאַכט.
בלאַנדזשעט מיט בליקן פון ברואים אַרום אויך מיין אויג, —
אין הייכן פון וואַנען עס גייט נאָך דער אומרו מיט זיי,
וואו ערגעץ דערגיין אין דער טיפקייט אין רוים;
— אַ שפּור צו דערבליקן דעם שטומיקן סוד.

## אונדזער וועלט

אונדזער וועלט
— אַ לאַבירינט.
פירט אונדז דער וועג פאַרביי
דורך די וואונדער פון דער קונסט און שפע,
אויף דער ערד,
פון דעם אָנהייב — צום פאַרגיין.
מיר,
אין די קאַרידאָרן אויף דער ערד,
זיינען ציטערדיקע פלעקן אין דעם ליכט
צווישןביידע ברעגן אויף דעם אינדזל.
איילן מיר אַזוי אַרום זיך אין דעם קאַראַהאָד,
איינער נאָכן אַנדערן אין וועג,
צו זיין וואָס גיכער ביי דער שוועל,
פון גליק.

זיצט קופּערניקוס
מיט אַ שווייגן אין זיין מויל,
ווי ער וואָלט ניט צוגעהערט זיך צו דעם לעבן,
אַט דאָ הי, —
מעג דערטראָגן זיך צו אים אַ קלאַנג פון יובל,
מעג ווי יובלדיק צעהענגען זיך דאָס ליד פון זיג,
צעטראָגן זיך צו טיר און פענצטער,
באַוואָרפן זיי מיט שטראַלן פון אַ נייעם אינדערפרי.
זיצט קופּערניקוס און טראַכט,
און נעמט ניט אַלץ אַראָפּ די אויגן פון דער וועלט.
עס שפּיגלען זיך אין זיינע אויגן אָפּ
— טעג און נעכט —
די פּלאַנעטן פון די ווייטן איבער הייכן,
און די נייע פאַרבן־פלעקן
אויף דעם צוגעפאַרבטן גלאָבוס.
און אַנטקעגן אין דער ליכט
דרייט זיך פאַר זיין בליק,
ווי דער ווייזער אויפן ציפערבלאַט פון טורעם זייגער,
— דער גלאָבוס.
— ווי ער וויל נאָך דאָ באַווייזן,
אַז עס דרייט זיך אונדזער וועלט אַרום די זון
און דרייט אַרום נאָך מיט דער ערד
אין געדריי דאָס לעבן.

# קופּערניקוס

אַ סקווער,
אין מיטן אויף אַן אָפֿענעם פּלאַץ,
שטייט ווי אויף אַ גראָזיקן דיוואַן
אַ דענקמאָל.
אויף דעם גרויען מאַרמאָרדיקן פּיעדעסטאַל
זיצט אין שווערן בראָנז אַן אויסגעשניצטער מענטש
מיט אַ גלאָבוס אין זיין האַנט:
— קופּערניקוס.
זיצט דער אַלטער אַסטראָנאָם אויף אַ דויערדיקן אָרט,
ווי ער וואָלט ניט לאַנג אַרויסגעוואקסן פון דער ערד
צו טאָן אַ בליק,
צי זיינען נאָך די שטורעם־טעג אין פייער,
ניט געבליבן אין געדריי אין רוים,
— אונדזער וועלט?
גייען איבער אים,
טעג און נעכט פאַרביי;
— צי עס טראָגן זיך נאָך קלאַנגען פון אַן אויפלעב
אין די הוילע ווייטן אָפּ?
צי טראָגט זיך נאָך די עכאָ פון אַן אָפּלעב,
ערגעץ אין דער הייך אַרויף,
פון דער טומלדיקייט אויף דער ערד?
זיצט קופּערניקוס מיט זיך אַליין,
ווי די צייט פון אומרו און פון צער,
וואָלט אים אויפגעהויבן פון זיין קבר,
און אַוועקגעזעצט אים אויף דעם פּיעדעסטאַל,
מיט דעם גלאָבוס אין זיין האַנט;
— צו באַטראַכטן נאָך אַ מאָל די וועלט.

עס לויפן און ס'שלענגלען זיך וועלדער,
עס הייבן זיך בערג הויך מיט שניי,
און מחנות פון גרוי שוואַרצע קראָען,
צעטראָגן אַ שרעק איבער זיי.

איך טוליע זיך איין אין מיין יוגנט,
וואָס וואַרעמט מיך — יעדערן גליד,
די שנייעלעך לאַשטשען מיין פּנים
און הייבן אין וועג מיין געמיט.

דער וועג איז אַ שנייאיקער, לאַנגער
און איילט זיך מיט מיר אַלץ אַוועק,
און איך מיט מיין יוגנט, מיין חלום,
צעשיידן זיך ביידע אין וועג.

## דער וועג איז אַ שנייאיקער, לאַנגער

דער וועג איז אַ שנייאיקער, לאַנגער,
אַרום ווי מיט זילבער באַדעקט;
דער הימל אַ זוניקער — בלויער,
בלויז ערגעץ אין ווייט וואו באַפלעקט.

איך זיץ מיט מיין יוגנט אין שליטן,
עס איילן מיט אונדז גיך די פערד,
און שניי כוואַליעס אונטן זיך הייבן,
אַזוי ווי אַ שטויב פון דער ערד.

מיר פאָרן, מירביידע אין שליטן,
די גלעקלעך זיי קלינגען — גלין־גלאַנג,
עס לאַשטשעט דער מאָרגן מיין פנים
און זינגט מיר אַ פרילינג געזאַנג.

נאָך האַרציקער, חלומדיק־העלער,
באַזינגט אויך דער ווינט מיר די פרייד,
און ס׳לויפט אונדז די זון נאָך פון הינטן,
אַזוי ווי זי וואָלט אונדז באַגלייט.

## אומרו

דער אומרו פון דער וועלט,
האַלט מיך אין אַ לאַבירינט פון יאָרן אָן;
גיי איך דאָ מיט לאַסט באַשווערט פון טאָג,
וואָס וועגט אַלץ מיין באַשאַף ווי אויף אַ וואָג.
הערט די שרעק ניט אויף מיר וויי צו טאָן,
וואָס שאַרט זיך ווי אַ שטן הינטער מיר פאַרשטעלט,
דורך שעהן מי — ביז אָוונט צו מיין היים.
און ווי עס רוט ניט איין מיין בליק אין וועג,
וואָס פירט ניט מיין געדאַנק וואו ערגעץ צו אַ ברעג;
— וועקט מיך שטיל ווער אין געהיים;
— נאָכאַמאָל דעם מאָרגן נאָר אַנטקעגן גיין,
ניט בלייבן ביי אַ גרענעץ שטיין.

## אָפּקלאַנגען

גייט נאָך דער אומרו פון בהלה קלאַנגען;
— עכאָס פון אַ וועלט צעבערענט אויף קויל,
פאַרלעשט מיין טאָג זיך, ווי פון נאַכט געפאַנגען;
בילדער טראָגן זיך פאַרביי מיט גרויל.

ס׳גייט אויף מיין טאַטנס וועלט אין מיין זכרון.
טעג, וואָס נעפּלען זיך אַוועק אין ווייט.
אַ פלעמל בלייבט פאַר מיר פון זיינע יאָרן,
ווי אַ נר־תמיד פון זיין צייט.

איך גיי און הער ניט אויף מיין לאַסט צו טראָגן
דורך דער בריק פון שווערע נעכט און טעג,
ביז זון פון מאָרגן וועט פאַר מיר צעטראָגן;
— אויפגיין וועט, מיין זעאונג אויף דעם וועג.

## פאַר מײנע פיס

פאַר מײנע פיס,
אויף דעם װעג אין טאָג אַרײַן,
װאַלגערט זיך דער זומער אום
אין רעגן און אין מיסט.
דער װינט אין זײַן געיעג,
װאָיעט בײז און װילד
און לאָזט דעם זומער אויף דער ערד
אין זײַן רו ניט ליגן שטיל.
הײבט אים אין זײַן װעלק,
אין הײכן אויף
און װאַרפט אים װי מיט בײז אַראָפּ,
אין תהום
פון אײביקײט, —
צו שטויב.

# אויף דער ערד
(סאָנעט)

די טעג וואָס זיינען הינטער מיר צעגאַנגען זיך אין וועג,
ווי נאָך אַ שיף די שוימיק־גרויע כוואַליעס אויפן ים;
— זיי האָבן ניט געלאָזט מיך אָן אַן אָפּשיין פון מיין שטאָם,
וואָס גייט ניט דאָ אין מיין געראַנגל פון מיין בליק אַוועק.

מעג עלנט ווי מיין שאָטן נאָכגיין מיר אין שווערע טעג,
איך זאָל ווי אין אַ טיפן וואַלד זיך קוים דערזען ביינאַכט,
און הערן ווי איך גיי אָן וואָרט פון זיך אַליין באַוואַכט,
און זוך פון וואַלד אַרויסצוגיין דורך פּלאָנטער צו אַ ברעג:

— האָט אומרו ווי אַווירבל ווינט אין נויט מיך ניט פאַרלענדט,
איך זאָל פון אומרעכט פון דער וועלט פאַרלייגן מיינע הענט,
און וואַרטן ס׳זאָל דער האַרבסט מיך נאָר באַגלייטן מיט זיין ליד.

און ווי אַ בוים וואָס שיילט זיך אָפּ פון פראָסט און וואַרט אויף בלי;
פאַרגייט דער יאוש פון מיין בליק פון אויפשטייק אינדערפרי
וואָס לאָזט מיך צו מיין מאָרגן דאָ ניט גיין מיט מידע טריט.

# אוימדויער
(סאָנעט)

באַגעגנט האָב איך בלויז אין וואַלד, מיין פרילינג־פריי;
— די זון האָט דורך די ביימער, מיין געזיכט דערבליקט,
די פייגל האָבן מיט געזאַנג די לופט פאַרוויגט,
איך זאָל אין שיין דערזען מיין טאָג אין בלי פון מאַי.

אויף שווערע וועגן איז די גרוי פון וואָך פאַרביי,
צעהאַנגען איבער מיר אין הייך, געררויש פון שטאָל,
וואָס האָט געשלונגען טעג און ניט געציילט די צאָל,
און מיך באַגלייט מיט נויט, מיט ווירבלדיק געשריי.

און כאָטש די זון האָט מיך געוועקט פון רו — נאָך נעכט,
מיט ליד פאַרמעקט פון מיר דעם שלאָף פון מיין געזיכט;
— האָט אויך מיין האַרץ באַגלייט מיך אויף מיין וועג מיט ליכט.

און אַז די וועלט איז ניט געווען צו מיר גערעכט,
האָב איך מיין קאָפּ ניט אַלץ געבויגן צו דער ערד;
— מיין טראָט זאָל דאָ ניט ווערן, בלויז פון מיר דערהערט.

# מ אַ י

מאַי.
דיין אָפּקלאַנג וועקט אין האַרץ באַגער צו נייע טעג,
ווי כ׳האָב דאָס ליד אויך מיט דער פרייד פון האָפענונג געהערט;
— מיין טראָט זאָל ניט פון ווינט פאַרווישט דאָ ווערן אויף דער ערד,
דער אויפשיין זאָל פון פרי באַגלייטן מיך אין וועג,
— און גיין מיט גלויבן צו דעם מאָרגן פריי.

מאַי.
דיין נאָמען, עפנט אויף פאַר מיר, אַן נויט אַ וועלט,
וואָס כ׳האָב נאָך שווערע טעג, ביינאַכט געחלומט פון דיין שיין,
איך זאָל פון מיין באַשאַף דאָ, עלנט אויף דער ערד ניט זיין,
און גיין דעם טאָג אַנטקעגן, ניט פון בייז פאַרשטעלט;
— די זון זאָל איבער מיר אויך שיינען פריי.

מאַי.
דיין אויפגיין פינקלט איצט אין מיינע אויגן אָפּ,
אַ, ווי די זון, וואָס הויבט באַגין זיך אויף אין הויך פון ים,
באַדעקט די וואָלקנס פון דער נאַכט מיט שטראַלן פון איר פלאַם;
— איך זאָל פון נידער צו דער וועלט, דערהויבן אויך מיין קאָפּ
און ווערן פון דער שרעק פון נויט שוין פריי.

מאַי.
דו האָסט דעם טאָג דערהויבן היינט מיט ליכט און פרייד,
איך זאָל זיך זען מיט יום־טוב אין די אויגן אין מיין טראָט,
ווי כ׳גיי אַצינד אַן אָפּגעשטויבטער פון דער וואָך אין שטאָט,
מיט ליד, וואָס טראָגט דעם קלאַנג פון אויפקום, הויך און ווייט,
צו ווערן ווי נאָך האַרבסט, מיט פרילינג פריי.

# פון הינטער די בערג

פון הינטער די בערג,
הייבט זיך אויף אין פאַרביקע שלייערן דער טאָג,
און צינדט אָן די שפּיצן פעלזן אין דער הייך.
פון הינטער די בערג,
שווימט אַרויס דורך וואָלקנס אין הימל — אַ שיף
באַדעקט מיט פלאַמען ווי כוואַליעס אין ים,
— די זון.
און ווי קופּעס צעוואָרפענע העלצער ביי אַ פייער
ווערן שטיקער נאַכט צעצונדן אין אַ פלאַם —
ווערט ליכטיק די וועלט.
צעזינגט זיך דאָס לעבן אין מיר
גייענדיק אַנטקעגן דעם טאָג מיט אַ לויב.
ווערט מיר גוט אַזוי און היימלעך אויפן האַרץ,
מיט האָפענונג אין מיינע אויגן פון דעם ליכט
וואָס פאַלט מיט זון אויף מיר.
ווער אַזוי מיין לעבן זיין נאָך אין די מאָרגן־טעג ?
זיין דאָ אויף דער ערד, —
זיין אַזוי אַמאָל ?
ווער מיין טראָט דאָ אויך אַרויס פון שלייערן פון פּיין,
ווי דער טאָג אין אויפגיין פון דעם נייעם אינדערפרי,
און אַנטקעגן קומען וועט פאַר מיר ;
— די געבענקטע שעה ?

# אין גְעוועב

איבער מיר,
אַ הימל אין געוועב פון פאַרבן ליכט.
אָט באַווייזט ער זיך פאַר מיינע אויגן אין אַ טאָג,
ווי אַ פאַסטוך דאָרט מיט העל־צעלאָזטע שאָף,
אויף אַ באַרג אין הייך אין דער מאָרגן־זון.
און אָט באַווייזט ער זיך אין אָנקום פון דער נאַכט,
ווי אַ בוים מיט קופער בלעטער אויף אַ ווינט באַשטויבטן פעלד.
בייט דער הימל זיך מיט פלעקן־דאָ אַריבער אויף מיין קאָפּ,
ווי ער וואָלט אַלץ ווייט געטריבן וואָלקנס אין דער הייך,
און האָט דאָ אונטן אויף דער ערד פאַרוועבט מיך אין אַ שפּיל.
הייב איך אויף די אויגן אויף דעם שאָטנדיק געלויף;
— דערזע איך זיך אַליין ווי אין אַ שפּיל;
— אַ שאָטן אין דער זון־פאַרגאַנג.

# סוד נאָך סוד

יעדער טאָג איז נאָך פאַר מיר אַ סוד,
און אין יעדער נאַכט, פּרוּאוו איך פון דאָס ניי
צו דערגיין דאָס רעטעניש פון מאָרגנדיקן טאָג:
— וואָס וועל איך אין דעם ליכט דערבליקן אין באַגין
ווען כ׳וועל באַטרעטן נאָכאַמאָל די מאָרגן־שוועל?
טראַכט איך און איך טראַכט,
און ס׳איז מיר שווער אַלץ פון געדאַנקען־גאַנג אַרויס מיט רו,
דעם אָפּשיין פון דעם מאָרגן צו דערזען,
צו דערגיין זיין סוד.
פאַרטיף איך שטיל די אויגן אין דער נאַכט
און זוך אַלץ אין דעם שווייגן ערגעץ וואו אַ שפּור,
ביז כ׳פאַל אַריין אַ מידער אין די אָרעמס פון דעם שלאָף,
און ווער פאַרשפּילט פון אים ווי פון אַ ליד;
— אין חלומות — אין אַ חלום־לאַנד.
ביז ס׳וועקט דער קלאַנג פון טאָג מיך אויף.

# פאַרטאָג אויפן האָדסאָן
(סאָנעט)

צווײ רײען בערג מיט וועלדער אויפגעטורעמטע אויף זײ,
געקײטלט, ליגן אויף די ברעגן בײ דעם בלויען טײַך;
און איבער זײ דער רײפער זומער, בלענד צעבליצט פון הײך,
און שפיגלט זיך אין טײַך, וואָס כוואַליעט זיך אין אַ געדרײ.

עס לאָזט אַראָפּ זיך שטיל די זון אויף שפיצן בערג צעגליט,
באַגלײט מיט זײלן פײער איבער פליגלען פון דער נאַכט;
פון הינטער זײ — גאַרדינען, קומט דער טאָג מיט זון באַוואַכט,
און וועקט די פײגל צום געזאַנג מיט נײעם מאָרגן־ליד.

צעשפיגלט זיך דער האָדסאָן פון דעם אויפגלי פון די בערג,
וואָס שטײען שטום ווי מאָנומענטן נאָך אַן אַלטער צײט,
ווען ס'האָבן נאָך אינדיאַנער מיט דער וועלט געלעבט פון ווײט.

און צו באַוואונדערן דאָס מײלן־לאַנגע באַרגיק ווערק;
— דעם בלויען וואַסער־טאַל, וואָס שלענגלט זיך מיט זון אַוועק;
שווימט־אָן פון שטאָט אַ שיף מיט גרוסן פון צעשטויבטע טעג.

נ. י., 1932

## . . . און איך

. . . און איך —
די פרייד פון לעבן —
בין איך אין יענעמס האַרץ
דאָס גליק?
איך שאַף און שפּאַן דאָ אויף דער ערד
אין אַ פּלאָנטערניש, ווי דורך אַ וואַלד,
אין דער גרויסער וועלט.
פּלאָנטער זיך צווישן דאַאיקע אין וועג
אין מיינע וואָכנדיקע טעג.
דער אומרו אין מיין בליק
פירט מיך פון דעם נעכטן אַלץ אַוועק,
פון פאַרשפּעטיקדיקן ציל נאָך ציל,
באַגלייט נאָך פון מיין שאָטנס פלעק.
לאָז איך נאָך זיך איןווירוואַר פון שטאָל,
הינטער מיינע ניט געציילטע טריט,
קלאַנגען פון מיין טאָגיק ליד.

## דער טייך
(סאָנעט)

לבנה ברעקלט זיך אין שוים פון לויפנדיקן טייך,
און זילבערט אָפּ פּאַר ווייט דאָס וואַסער איינגעטונקט פון נאַכט;
דער וואַסער־שטראָם, וואָס איילט געטריבן פון געהיימער מאַכט,
פּאַרטראָגט אין פרעמדן שטיקער זילבער־בערג פון לאַנגן־טייך.

דיביימער קוקן אויף די שאָטנס אין דעם טייך אַריין,
באַטראַכטן, ווי זיי זעען אויס אין וואַסער אויך אין שלאָף,
נאָך איידער זיי צעוועקן זיך פון טאָג און קומען אויף,
און לייגן ביי די ברעגן זיך אַוועק אין פרי פון שיין.

דאָס שווייגן פון דער נאַכט צעשניטן הענגט אין הייך ביים ברעג;
עס לאָזט דאָס וואַסער ניט אויף זיך די רו אַריבערגיין,
דער אומרו זאָל אין טייך ניט בלייבן אויף אַ רגע שטיין.

און שטראָם נאָך שטראָם אין אייל פון ווייטן, רוישן מיט געוועק;
דער אומרו טרייבט די כוואַליעס נאָך ווי מיט אַ שוים געשריי,
און אונטן, אין לבנה־ליכט, צעגייען זיי ווי שניי.

נ. י. 1932

# באַגלייט מיך אַ שטערן אין וועג
(סאָנעט)

אַ קאַלטער אָפּשיין פון אַ שטערן אין דער נאַכט,
פאַרגייט ניט פון מיין בליק אין וועג ווי כ׳שטעל מיין טראָט,
וואו ס׳ליגט דער שפּעטער שלאָף אין דרויסן ווי אַ סוד,
אין רויש פון לעבן איז מיט שלעסער צוגעמאַכט.

מיין שאָטן גייט מיר נאָך מיט שווייגן ווי באַוואַכט,
און וויל אַ ווייל מיך ניט פאַרלירן פון דעם וועג,
מיין בליק זאָל ניט פאַרטראָגן מיך אין הייך אַוועק,
כ׳זאָל פילן איבער מיר פון אויפשטיין נאָר די מאַכט.

און כאָטש דער טאָג וואָס האָט מיך אָפּגעפּרעמדט פון רו
און לאָזט ביינאַכט צו מיר דעם שלאָף ביז שפּעט ניט צו;
— פאַרגייט ניט פון מיין בליק, די שיין פון גיין צום ציל.

און אַז די זון האָט ניט דערפרייט מיך אינדערפרי,
— האָט מיט אַ קאַלטער רו באַגלייט מיך פון מיין מי;
— פאַרגייט מיין טראָט גיט ווי אַן עכאָ אין דער שטיל.

## וואַלקנס

עס קלייבן וואָלקנס זיך צונויף אין בלויען הימל,
ווי שעפסן בלאָנדזשענדיק אויף בערג אין פעלד.
עס דעקט די זון זיך איבער מיט אַ קופּער שלייער,
און באַהאַלט פון טאָג איר פּנים פון דער וועלט.

צעהענגט דער אומרו זיך אויף וועגן און אויף שטיבער,
געוואָי פון ווינט צעטראָגט פון שליאַך דעם שטויב.
אַ בליץ צערייסט אין ווייט דאָס שווייגן פון די הייכן;
— ווי ס׳רייסט דער ווינט די בלעטער פון אַ בוים.

## האַרבסט

עס פלאַטערט דער ווינט איבער גראָזן אין פעלד,
און זינגט זיי אַ ליד פון זיין סוד;
— ווי שטאַרק און מעכטיק ער איז אויף דער וועלט; —
און וויל נאָר דערגרייכן צו גאָט.

דערפילן די גראָזן די קאַלט גרויע טעג,
און בייגן זיך איין ווי באַשווערט;
אַזוי ווי זיי וואָלטן פון ווינטיקן שרעק,
געאיילט זיך אַריין אין דער ערד.

# פרעג איך שטיל ביי זיך אַליין

קוק איך אײַן זיך אין פאַרנאַכט,
ווי מיין שאָטן וויל מיך ניט פאַרלירן אויפן וועג·
אין מיין גיין באַגלייט מיט רויש די גאַס פאַרביי,
און גייט, ווי מיט באַפעל, מיר נאָך אַיעדן טראָט,
ווי ער וואָלט דאָ מיט זיין שווייגן מיך באַוואַכט.
— פיל איך ווי איך גיי מיט זיך אַליין ניט פריי.
ווערט מיין האַרץ אַ ווייל באַדעקט מיט שרעק,
פון דעם שאָטנס שווייגן, פון זיין סוד.
גייט אַוועק די רו פון מיר, פון מיין געדאַנק,
און די אויגן מיינע הייבן זיך אַרויף, אַראָפּ.
— פרעג איך שטיל ביי זיך אַליין;
— וואָס לאָזט דער שאָטן מיך אין גיין ניט אָפּ
און פלאָנטערט זיך אין וועג פאַר מיר אין גאַנג,
פאַר די פיס אין בלאָסער שיין?
— ציילט ער נאָך די טריט פון מיינע טעג?

# אַ חלום

די צייט, האָט צעטיילט מיינע טעג אויף די וועגן,
וואו ס׳האָט מיך דער אומרו באַגלייט אומגעשטערט.
עס זאָל דאָרט דער ווינט היטער מיר אויף דער ערד,
ניט לאָזן אַ סימן פון טריט אויף די שטעגן.

גייט נאָך מיר די עכאָ, פון נעכטיקע קלאַנגען,
וואָס בלאָנדזשעט אין הייך איבער מיר אָפּט אַרום,
און זוכט דאָ מיין שאָטן, וואָס גייט מיט מיר שטום
און לאָזט זיך פון קיינעמ׳ אין ערגעץ ניט פאַנגען.

נו, פירט מיך דאָס לעבן און פירט מיך אויף שליאַכן,
אַז פרייד זאָל צו רייך אין מיין זעל ניט אַריין,
מיין אויג זאָל ניט גרייכן צו ווייט — אויף אַ שיין;
— דאָס ליכט פון די מאָרגנס זאָל מיך דאָ באַוואַכן,

— אַז ס׳זאָל אויך אַ פרילינג מיין פנים באַרירן,
וואָס זאָל מיר פאַרמעקן דעם יאוש אין בליק;
— ניט גיין מיט דעם אָוונט, מיט אומרו צוריק;
— מיין חלום, ער זאָל צו מיין ציל מיך דערפירן.

# דער וועג צו דערהייבונג

די טעג מיינע זיינען געבליבן אין ערטער,
וואָס האָבן אַמאָל אויך געגלעט מיך מיט גליק,
אין אָנהייב פון פרילינג געצונדן מיין בליק.

איך האָב זיך מיט זיי ניט געזעגנט מיט ווערטער,
וואָס זיינען ווי עכאָס פאַרגאַנגען אין וועג,
ווען נויט האָט געפירט מיך אין ווייטן אַוועק.

עס האָט מיך די וועלט ווי מיט האַרבסט אויפגענומען,
געפירט מיך אויף וועגן אַנטקעגן דעם ווינט,
ווי ס׳וואָלט אויף מיין פנים געלעגן בלויז זינד.

און וואו נאָר איך בין מיט מיין עלנט געקומען,
האָט קיינער באַנומען אין פרעמד מיינע רייד,
איך זאָל מער ניט ווערן פון יאוש באַגלייט.

און וויפל איך האָב זיך די מי ניט געגעבן,
דעם טרויער פון נאַכט צו באַהאַלטן אין מיר,
און פילן פון אויפטאָג אין האַרץ אַ בריר,

איז פראָסטיק געוועזן צו מיר אַלץ דאָס לעבן,
וואו כ׳האָב צו דערהייבונג געציילט מיינע טריט;
— צו הערן, צי ס׳טראָגט זיך פאַר מיר אויך אַ ליד.

# אין געדאַנק
(סאָנעט)

דער פראָסט האָט אָנגעזאָגט מיט ניי־באַגין אויף שויבן:
— דערווינטער האָט אין דרויסן זיך צעלייגט אין ווייס.
עס האָט דער ווינט די לופט געשניטן ווילד און בייז,
אַ וואָלקן נאָך אַ וואָלקן־שניי צעיאָגט אין שטויבן.

דער גלאַנץ פון פראָסט האָט ווי אין חלום מיך געהויבן:
— געטראָגן האָט דער שניי די פונקען נאָך פון טעג,
וואָס כ'האָב צו פרי געלאָזן וואָגלען הינטער וועג;
— און גייען היינט פאַרביי מיר נאָר ווי ווייסע טויבן.

און ווי דער ווינט וואָס לאָזט ניט הינטער זיך אַ שאָטן,
צעשווימט די שיין פון טאָג וואָס גייט אַוועק אין ווייט,
און לאָזט מיך מיט מיין האָפענונג נאָך שטיין אין זייט.

און ווי אַ פור וואָס גייט אין נעץ מיט לאַסט געלאָדן;
— אַזוי גיי איך און לאָז אַ שפור ניט פון מיין גאַנג,
און טראָג ווי נעכטן נאָך אַ טאָג בלויז אין געדאַנק.

# האָט ס'לעבן מיך גענומען
(סאָנעט)

. . . האָט ס'לעבן מיך גענומען, ווי דער ים אין ברויזעניש — אַ שיף;
אויף כוואַליעס וועלטיקע האָב איך געטראָגן פרעמד זיך אין דער וועלט,
אין ווייטן, אונטער הימלען, אָן אַ סימן פון אַ טאָג צעהעלט,
וואו ס'האָט ניט איין מאָל מיך געוואָלט די פרעמד פאַרשלינגען אין איר טיף.

און ווי אַ שיף, וואָס גייט ניט רואיק אויף דעם ים, באַגלייט פון ווינט,
צעשניידט די שרעקן־כוואַליעס צו די ווייטע לענדער מייל נאָך מייל;
אַזוי האָב איך דאָס לעבן מיינס געררודערט צו דער פרעמד מיט אייל,
וואו כ'האָב געבלאָנקעט זיך אַרום, געפירט פון גורל מיינעם בלינד.

און ווי אַ בלינדער האָב איך אויפגענומען אין מיין טאָג דאָס ליכט,
וואָס האָט געגאָסן זיך ווי פון אַ וואַסער־קוואַל אויף מיין געזיכט,
ביז ס'האָט מיין בליק דערזען די רייכע שפע ליכטיקן פון טיף.

און נאָך דעם בלענד פון בליצונגען בין איך מיט פרייד צו זיי אַוועק,
אין זייערע רייען צו געפינען פאַר מיין לעבן נייע טעג;
איך זאָל דורך זיי אין פרעמד כאָטש זען מיין גליק, ווי שטראַלן דורך אַ זיפּ.

# ביי דער טיר פון פרייד
(סאָנעט)

וואָס האָבן מיינע הענט שוין ניט געטאָן אַלץ פאַר דער וועלט,
דאָס לעבן זאָל געוועלטיקן מיט וואונדער און מיט מאַכט?
דער דור, וואָס שטעלט זיין פוס נאָך מיר מיט אויגן אויפגעמאַכט,
זאָל היינט ניט זען פאַר זיך קיין שטרויכלונגען אין וועג צעשטעלט.

וואָס האָט די וועלט געגעבן מיר צום אויפלעב פון מיין זעל,
נאָך טעג פון אַרבעט איינגעוויגט אין אומרו אין מיין הויז?
דאָס לעבן האָט גערופן מיך אין פרייער וועלט אַרויס;
— נאָר פרעמד געבליבן בין איך שטיין מיט יאוש ביי דער שוועל.

און פּונקט ווי נעכטן, ווער איך נאָך פאַרשעמט פון זון באַריר,
געטריבן צו פאַרזאַמען איבער בערג אַלץ מער מיין וועג;
— איך זאָל נאָר קלעטערן מיט שווערן לאַסט אין בלי פון טעג

און טראַכטן פון דעם טאָג, וואָס איז אַוועק מיט קעלט פון מיר,
נאָך מיין צושטייער צו דעם אויפבוי פון דער נייער צייט,
און לאָזן שטיין מיך ווי אַ פרעמדער ביי דער טיר פון פרייד.

# אַ חלק
(סאָנעט)

דער שטילער עלנט ווי אַ שאָטן אין דער וועלט,
נאָך האַלט אָן רו מיך אין אַ ווינקל אויף דער ערד;
די עכאָ פון מיין טראָט, ניט ווערן זאָל דערהערט,
ווי אין אַ פעלד, אַ בוים אין ווינט, מיט נאַכט פאַרשטעלט.

באַגלייט מיט אומרו גיי איך דורך דעם גרויען טאָג,
מיט מי צעגרייכן נאָך אַ חלק — פרייד אין וועג,
וואו ס׳זאָל דער מאָרגן ניט פון מיר ווי פרעמד אַוועק,
און שפּעטער וועגן מיין באַשאַף ווי אויף אַ וואָג.

און ווי עס ליגט די רו ניט אין מיין בליק אין גאַנג,
צו זען דאָ זיך אין ליכט פון אייגענעם געפאַנג;
— אַזוי גיי איך דורך בלעטער־פאַל — די טעג פאַרביי.

און ווי די זון באַגלייט אין ים׳ אַ זעגל־שיף,
די נאַכט זאָל ניט פאַרנעפּלען איר אין ווייטן טיף;
— אַזוי וועקט נאָך באַגין מיר גלויבן פון דאָס ניי.

און ווי עס גייט די וואָך אַנטקעגן יום־טוב־טעג,
באַפרייען זיך פון שטויב און רויך;
— אַזוי בין איך מיט לאַסט געגאַנגען אויף מיין וועג,
דעם קאָפּ צו ליכט געהויבן הויך.

און היינט נאָך טעג, וואָס האָבן ניט באַשיינט מיין זיין,
נאָך נעכט פון חלומ׳ען נאָך פרייד,
האָט אַלץ די צייט געפירט מיך אין דער וועלט אַריין,
איך זאָל פון ציל ניט זיין געשיידט.

## צ י י ט

איך האָב געלאָזן הינטער מיר אויף טעג מיט ציל,
 געמאָסטן שליאַכן איבעראַל,
ניט איינמאָל אומגעקערט זיך פון די פרעמדן שטיל,
 ווי אין אַ זון־פאַרגאַנג — אַ שטראַל.

געבויט אַ שלאָס זיך נאָך אַן־אָפּגעגנאַרטן טאָג,
 געשפּאַנט פון נעכטנס ניט מיט בייז,
און מיין מערכה ניט געוואויגן אויף אַ וואָג,
 ווי ס׳וועגט זיין גורל שטיל אַ גרייז.

איך האָב געזוכט דעם קלאַנג, צו הערן קלאָר די רייד
 אין טאָג, וואָס קומט אַנטקעגן מיר,
כאָטש ס׳לעבן האָט מיך קאַרג אין וועג מיט רו באַגלייט,
 געעפנט פריי פון שיין אַ טיר.

דער האַרבסט האָט מיר דעם וועג פאַרפּלאָנטערט ניט איינמאָל,
 צו זען, צו ס׳גייט מיין טאָג אויף קלאָר,
פון הויבן זיך פון נידער אויף ווי פון אַ טאָל,
 געקלאָמערט מיט דער אומרו נאָר.

ווערט אין מיין זעאונג מיר דער מאָרגן אויך אַ צוועק,
ווי נאָך אַן־אויפשטראַל פון חלומות צו מיין זיג,
וואו איך דערזע זיך אין אַ קרייז פון ליכט פאַרמעג,
וואָס טאָגן פלאַמיק אין די אויגן מיר אַריין.

— נו גיי איך ווי דער באַרג פון אימות ניט צוריק:
וואָס קוקט אַרויף דערהויבן צו דער נאַכט
און זעט ווי ס׳גייט דער טאָג פון ווייט אַרויס אין שיין,
מיט פלאַמען ליכט באַוואַכט.

# פאַרמעג

ניט איינמאָל איז פאַר מיר אין וועג פאַרביי אויך אַ געדאַנק,
ווי כ׳האָב דערפילט זיך דורך מעת־לעתן פון מיין זיין,
— איך בין אַ גבור אין געראַנגל מיט דער צייט,
נאָך טעג וואָס האָבן מיך געלאָזט מיט שאָטנס אין געפאַנג.

און כאָטש איך בין אַ קינד געווען אָן פרייד, פון גליק געשיידט,
באַטראָטן פרי מיין פרילינג מיט דער איינזאַמקייט אַליין,
געוואַרט די זון זאָל אין מיין טאָג דערגרייכן אין מיין וועלט,
עס זאָל די פרעמד ניט זיין מיט שרעק נאָר צו מיין ציל פאַרשטעלט.

— האָב איך ווי דער פעלדזן־באַרג מיט שניי באַקליידט,
וואָס נידערט ניט אַראָפּ פון שווייגן צו דער ערד;
— ניט געבויגן אין מיין שפּאַן פון רשעות דאָ מיין קאָפּ,
נאָר געאַקערט, ס׳זאָל פון מיין באַשאַף פאַרביי,

באַריר פון גליק, כ׳זאָל פילן כאָטש די קאַרגע פרייד;
— דער עלנט זאָל דאָ ווערן פון מיין טראָט געשטערט;
פון מיין פּנים זאָל די לאַסט פון שווערע טעג אַראָפּ,
כ׳זאָל זיך אין מיין שפּיגל קלאָר דאָרט זען אויך פריי.

# און איך וואַרט
(סאָנעט)

מיט אויגן דורשטיקע נאָך מאָרגנדיקן נייעם טאָג,
צעבליק איך זיך ביינאַכט אויף טיפע הייכן איבער מיר,
און מאָל זיך אויס אַ קלאָרע בילד אין ליכטיקן קאָליר;
— דאָס לעבן זאָל ניט וועגן מיינע מעשים אויף אַ וואָג.

פאַרמעק איך אין זכרון יעדן אָפּגעשפּילטן טאַנץ,
צעוואַרף דעם בנין וואָס דער נעכטן האָט מיר אויפגעבויט,
וואו אויסגעהאַמערט האָב איך שווערע שעה'ען פאַר מיין ברויט,
געוואַרט עס זאָל דאָס לעבן טאָן פאַר מיר אַמאָל אַ גלאַנץ.

און וויפל מאָל איך זאָל ניט זען דעם אמת פון מיין וועלט,
די שווערע וועגן צו דעם אויפטאָג צו דערזען דאָס גליק;
— באַפאַלט מיך ניט קיין פחד, איך זאָל גיין אַ ווייל צוריק.

ווייל אונטער יעדער נאַכט, זע איך ווי טאָג ווערט אויפגעהעלט,
די זון צערייסט די כמאַרעס פאַר דעם מאָרגן פון דאָס ניי;
— דאָס לעבן זאָל זיך זען דאָ פריידיק צו באַוועגן פריי.

# אין באַגין
(סאָנעט)

יעקב גלאַטשטיינען

עס טראָגט מיך מיין געדאַנק אין פריי־באַגין אַוועק אין רוים,
וואו ס'צינדט די זון אָן אויף די בערג פון נייעם טאָג דאָס ליכט,
די שיין זאָל אין דער הייך פאַרמעקן האַרבסט פון מיין געזיכט,
די וועלט זאָל מיר צעליכטיקן מיין וועג, ווי אין מיין טרוים;

— דאָס לעבן זאָל מיך אויף דער ערד ניט קאַרג באַמערקן קוים
איך זאָל זיך מוזן אַלץ דערהויבן נאָך באַריר פון פרייד,
און בלויז אַ ווייל פון שווערן טראָט פון עלנט זיין געשיידט;
— ניט קוקן ווי מיין טאָג פאַרגייט, ווי נאָך אַ שיף — די שוים.

און ווי אַ טייך וואָס שלענגלט זיך מיט פראָסט און זון פאַרביי,
און שיילט אַראָפּ פון זיך דעם ווינטער אין באַגין פון מאַי;
— באַפריי איך זיך פון נאַכט־מחשבות אין מיין אינדערפרי,

איך זאָל מיין גלויבן פון דאָס ניי געפינען אויף מיין וועג,
וואָס זאָל מיך ווי אַ שיף אין אייז ניט לאָזן ווייט פון ברעג,
און גיין דערהויבן ווי מיין דור צום אָקער מיט מיין מי.

# נייט פון הינטער בערג אַרוים דער מאָרגן

גייט פון הינטער בערג אַרויס דער מאָרגן,
צעהענגט זיך איבער הייכן פאַרביק פריי,
און די זון מיט פלאַם גייט דורך די וואָלקן,
ווי נאָך אַ שטורעם דאָ וואָס איז פאַרביי.

זע איך ווי אַ בוים זיך נאָך אַ נעפּל,
באַהאַפּטן מיט דער זון פון אינדערפרי.
ווערן וואַכיק מיר פון ליכט די אויגן,
פון טאָג וואָס האָט געוועקט מיך צו מיין מי.

בליצן פון מיין חלום אויף מיר בילדער,
ווי שפּעט ביינאַכט די שטערן איבער מיר;
— שוועבן פאַר מיין בליק ווי ווייסע טויבן,
איך זאָל מיט עלנט היינט ניט גיין ווי פריר.

לעשט דער יאוש זיך פון מיין נשמה,
פאַרגייט ווי רויך אַ ווייל פון מיר אין ווייט,
— ס׳זאָל דער ווייַ ניט ליגן אויף מיין פּנים,
די רו זאָל דאָ ניט זיין מיט מיר געשיידט.

ליכטיקט אויף פאַר מיר פון מי די שפע,
אין גייך צום מאָרגן אין דער וועלט אַריין,
ס׳זאָל די שרעק מיין טאָג ניט מער באַגלייטן:
— איך זאָל מיט אומרו אין געראַנגל זיין.

ווי אַ וואַלד וואָס שיילט זיך אָפּ פון ווינטער,
און שטרעקט די צווייגן צו דעם פרילינג אויס,
הייבט מיין גלויבן מיך אַרויס פון נידער,
איך זאָל ווי אין מיין טרוים פון נויט אַרויס.

# אין דרויסן פאַר מיין שוועל

אינדרויסן פאַר מיין שוועל,
דערהויבט זיך דער מאָרגן וואָס וועקט מיך פון שלאָף,
— מיט רויש און געקלאַנג נאָכאַנאַנד.
קוק איך ווי נעכטן צום בלענד פון דער שיין,
וואו ס׳שווימט דאָרט אַרויס שטיל די זון ווי אַ שיף,
צעגליט אין איר פלאַמיקן ראַנד.

ווערט ווידער אַמאָל נאָך דער טאָג פאַר מיר העל;
— עס זאָל מיין געדאַנק איבער מיר זיין דאָ וואַך.
באַטרעט איך די שוועל מיט באַגין אין מיין בליק,
און לייכט מיר דעם וועג פון־דאָס־ניי צום באַשאַף,
איך זאָל אין דער וועלט מיט מיין טאָג אויך אַריין,
ניט גיין ווי אַ שאָטן אָן רו אויף מיין שליאַך.

קומט ווידער ווי נעכטן מיין גלויבן צוריק,
— דעם פרילינג דערגרייכן אין וויט־וויטן טיף:
— איך זאָל ווי אין חלום דערזען זיך אין בלי;
געבענטשט אויך צעטראָגן די פרייד פון מיין מי.

# דאָס ליכט
(סאָנעט)

דער אָפּקלאַנג פון מיין טאָג צערייסט די רו מיר אָפּט ביינאַכט,
פאַרטרייבט דעם חלום ווי איך זע זיך אויף דער ערד אין בלי ;
— אין שיין פון הייך וואָס וועקט מיט ליד דאָס לעבן אינדערפרי,
מיין גלויבן זאָל מיר צו דערהויבונג ווערן אויפגעוואַכט.

עס זאָל מיין וועג אויך אין דער וועלט אַריין, זיין אויפגעמאַכט,
די זעאונג זאָל מיר אין באַגין דערפרייען מיין געמיט,
איך זאָל אין וועג פון שטערונגען ניט ציילן מיינע טריט,
און יאוש זאָל מיין קאָפּ ניט בויגן פון דעם רשעס מאַכט.

דערקען איך היינט זיך מיט מיין יוגנט גיין דאָרט אויפן וועג,
וואו כ׳גיי ניט הינטערוועגן פון מיין טאָג פאַרשעמט אָוועק,
דער עלנט זאָל מיר נאָכגיין ווי מיין שאָטן אַזוי פריי.

און ווי לבנה־שיין אויף וואַסער־פאַלן לויפט מיט בלענד ;
— צעפינקלט זיך אַ טאָג, וואָס ווערט ניט פון דער נאַכט פאַרלענדט,
און לעשט ניט פון מיין אויג דאָס ליכט וואָס גייט פאַר מיר פאַרביי.

# אין מיין שליחות
(סאָנעט)

דער טאָג וואָס קומט אַנטקעגן מיר אַיעדן אינדערפרי,
איך זאָל ניט איבער׳חזר׳ן מיין לעבן פון דאָסניי;
— ברענגט מיט אַ גרוס מיר פון אַ וועלט וואָס גייט אין שיין פאַרביי,
וואו ס׳גייט דאָס לעבן ניט אין נויט געשפּאַנט אַזוי ווי הי.

ווערט אָפּגעקייטלט הינטער מיר די קייט פון שווערע טעג,
וואָס האָבן איבער מיר געשיינט און ניט באַהעלט מיין טאָג,
— די קאַרגע פרייד אין יום־טוב ווי געוואויגן אויף אַ וואָג,
און צוגעטיילט די רו מיר ווי מיט קנאה אויף מיין וועג.

גייט אויף פאַר מיר דער גלויבן ווי דער מאָרגן אין זיין פלאַם,
איך זאָל אין מיין שליחות זיין אַ יורש אויף דער ערד;
— עס זאָל די שפע פון קיין בייז ניט ווערן דאָ צעשטערט.

און ווי אַ שיף וואָס גייט דער זון אַנטקעגן אויף דעם ים,
גיי איך פון טאָג געפירט דורך רויש מיט האָפענונג באַגלייט,
און טראָג אין דמיון מיר מיין חלום פון אַ נייער צייט.

# צעצינדט זיך דער הימל

צעצינדט זיך דער הימל פאַרטאָג אין קאָלירן,
די זון גייט אַרויס צו באַלייכטן די וועלט;
— ווערט גלויביק פון אויפשיין די קלאַנגען צוהערן;
— מיט פרילינג עס ווערט מיר מיין פנים באַהעלט.

עס וויקלען זיך אויף די חלומות פון יאָרן,
וואָס האָבן אין יאוש דערפרייט אויך מיין בליק,
איך זאָל ווי מיין דור וואָס איך טראָג אין זכרון, —
ניט גיין מיט קיין שרעק צו מיין אָנהייב צוריק.

מיין פוס זאָל ניט מעסטן די פרעמד אויף די וועגן,
מעג שלענגלען פאַרביי זיך אַ וויסט צו מיין ציל;
מיט מאַי אין מיין האַרץ אויך דעם טאָג גיין אַנטקעגן,
כאָטש גויט ווי אַ שאָטן וועט נאָכגיין מיר שטיל.

די טעג יענע, זיינען פון מיר זיך צעגאַנגען,
און זע זייער אָפשיין, ווי שטערן ביינאַכט,
ווי כ׳וואָלט היינט געווען פון זיי נאָך געפאַנגען,
צו ווערן פון ליכט אויף מיין וועג אויפגעוואַכט.

עס גייען די בילדער פאַרביי פאַר די אויגן,
וואָס האָבן אין עלנט דערפרייט מיין געדאַנק,
און זיינען ווי טויבן פון מיר ניט צעפלויגן;
— ס׳זאָל אומעטיק ווערן צו גאָט, מיין געזאַנג.

# אין דער וועלט

— אַז כ׳האָב שוין געפּלאַסטערט דעם שליאַך וואו צו גיין,
מיין וועג ווי אַ גאָלד־פּאַס פון ווייטן דערזען;
צו וועט איצט דער הילך פון דעם שטאָליקן קלאַנג,
ניט נאָכגיין נאָך מיר שוין מיט שרעק אין געדאַנק?

צו וועט שוין דער אומרו, פאַרבלייבן אין וועג,
דאָס האַרץ זאָל ניט ווי טאָן אין זוניקע טעג,
מיין בליק זאָל ניט בלאָנדזשען אויף אומקום אין ווייט,
און פילן ווי כ׳ווער נאָך פון שטן באַגלייט? —

נו, וועל איך מיט אויפּטו מיין טאָג גיין פאַרביי,
מיין בליק זאָל דערהויבן פון נידער מיך פריי,
כאָטש פרעמד אין דער וועלט איז, ביז היינט נאָך מיין פּיין,
און קאַרג איז צו מיר אין באַגין אַלץ די שיין.

## אין טעג פון בלי
### (סאָנעט)

מיט עול און בליק אויף װעגן אין מײן אינדערפרי,
האָט קוים אַן אָפּשײן מיך דערפרײט װען מײן געמיט;
— איך זאָל ניט קוקן הינטער מיר, מיט יאוש־מיד,
װאו כ׳װער באַגלײט נאָך מיט בטחון צו מײן מי.

און כאָטש מײן טאָג איז אויך אַװעק פאַרנאַכט אין גלי,
געלאָזט מיך מיט מײן שאָטן זאַלבײנאַנד אין גאַנג;
— האָט אַלץ מײן בליק געזען נאָך שײן אין מײן געדאַנק,
װאָס װעט פון מיר פאַרמעקן אומרו, דאָ נאָך הי.

און װי דער בוים װאָס הענגט אין הײך דאָס בלי שױן אױס,
און װאַרפט פון זיך אַראָפּ נאָך רעשטלעך װעלק און שנײ;
— װעט אויך דער הארבסט פון מײנע טעג פאַר מיר פאַרבײ.

און װי עס גײט דער טאָג פון הינטער בערג אַרױס,
און שײלט דעם װינטער שױן אַראָפּ פון פעלז און שטײן;
— װעט אויך די פרײד פון אױפבלי אין מײן האַרץ אַרײַן.

## צו דיר "U. S. A."

(סאָנעט)

מיט פרילינג האָט די נויט געבראַכט מיך צו דיין ברעג,
מיין פוס זאָל פריי באַטרעטן אין דעם לאַנד די ערד,
איך זאָל זיך בויען אויך אַהיים דאָ אומגעשטערט;
מיין אָנהייב זאָל באַגלייטן מיך מיט נייע טעג.

און כאָטש דער נעכטן איז ניט פון מיין בליק אַוועק,
געהערט נאָך פון דער יוגנט — קלאַנגען איבער מיר,
האָט פרייד געשטאַרקט מיין האַרץ — מיין מי צו געבן דיר
און דורך געראַנגל גיין צום אויפבוי, ניט מיט שרעק.

און אַז די שיין צום ציל איז קאַרג פאַר מיר פאַרביי,
באַגלייט האָט אומרו מיך נאָך שווערע טעג פון מי,
האָט פריי די זון געגלעט מיין האַרץ אויך אין דער פרי,

איך זאָל צום מאָרגן מיינעם זיין פון יאוש פריי
און גיין מיט מיין באַשאַף פון אויפטואונג באַגלייט,
און טראָגן הייליק איצט מיין לויב צו דיר מיט פרייד.

ברוקלין, סעפטעמבער, 1954.

## כ׳זאָל פון אויפבוי דאָ ניט ווערן מיד

איך בין אַמאָל געווען אַ וועלט אויך פאַר מיין טאַטנס בליק,
אין זיין לעבן אויף דער ערד — אַ ציל,
און ניט געוואוסט כ׳זאָל זיין מיט ווערן אין מיין טאָג אין קריג.
— מאָרגנס זאָלן מיר נאָר ווי טאָן פיל.

עס זיינען אָנגעקומען אין מיין לעבן בייזע טעג,
און דעם שליאַך פון פרילינג מיר צעשטערט,
געוומען האָב איך שניידן אין דער פרעמד אַריין מיין וועג,
און באַדעקט מיט פיין די האַרטע ערד.

אין נעכט האָב איך געהערט מיין טאַטנס ליד — אַ ליכט גייט אויף,
ווי די שיין אויף בערג אין ניי באַגין,
און אַז איך וועל פון האַרבסטן הייבן נאָר מיין בליק אַרויף,
וועל איך אין מיין טאָג געפינען זין.

באַגלייט האָט מיך אין ווייט, פון אים דער גלויבן פון זיין בליק,
כ׳זאָל פון אויפבוי דאָ ניט ווערן מיד,
און ווי עס קומט נאָך שניי די שפע צו דער זון צוריק,
וועל איך אויך דערזען מיין וועלט צעבליט.

# אין מיין ליד

ניט איינמאָל, האָט די רו פון נאַכט פאַרטיפט מיך אין מיין ליד,
וואָס האָט פאַרטראָגן מיך פון בענקשאַפט איבער ימען ווייט,
וואו ס׳האָט אַ פרילינג זיך צעוואַקסן פון אַ נייער צייט,
פון רחבות מיר די אויגן אין דער קלאָרער שיין צעגליט.

און ווי דער ראַנד, פאַרטאָג, געוואונקען האָט צו מיר אַ וועלט,
וואָס האָט מיט יובל מיך דערהויבן אין מיין האַרץ דערפרייט,
אַז כ׳בין געוואָרן אויף דער ערד פון עלנט ווי געשיידט;
— דער וועג צוריק צו נויט, מיט נעפלען הינטער מיר פאַרשטעלט.

דער האַרבסט זאָל מיך ניט האַלטן מער אויף וועגן פאַר זיין שפּיל;
פאַרלירן זיך אין בלענד נאָך יעדן זונען אונטערגאַנג;
— באַגלייט האָט מיך דער גלויבן וואָס איך האָב גע׳ירשנ׳ט לאַנג
און כ׳בין פון דורות אַלץ געפירט געוואָרן צו אַ ציל.

און ווי די זון צעשניידט די נאַכט און מאַכט פאַר זיך אַ וועג,
האָט מיין געדאַנק געפירט פון נידער מיך אַרויף צו דער הויך.
צערונען איז געוואָרן יאוש הינטער מיר ווי רויך,
און ניט געזען כ׳האָב מער מיין שאָטן שאַרן זיך מיט שרעק.

## צושטייער
(סאָנעט)

אין פרעמד האָב איך אין עלנט זיך מיין היים געמאַכט,
געבויט די וועלט, מיט יעדן נייעם אינדערפרי,
וואָס האָט באַוועגט אין האַרץ בטחון אין מיין מי;
— איך זאָל ניט גיין פאַרזאַמט מיט שאָטנס פון דער נאַכט.

אין טעג פון נויט האָב איך פון ליכט אַ ליד פאַרטראַכט,
וואָס איז געקומען פון געראַנגל מיט דער פרעמד,
וואו כ'האָב געפילט ניט איינמאָל זיך אין וועג פאַרשעמט;
— די טיר פון יום־טוב זאָל פאַר מיר נאָר זיין פאַרמאַכט.

און ווי אַ בוים, וואָס שיילט אין זון זיך אָפּ פון שניי,
צעשטרעקט אין הייך די צווייגן פאַר די פייגל, פריי;
— האָט אין פאַרגיין פון פראָסט מיין ליד זיך אומגעקערט.

איך זאָל באַנעמען פון געזאַנג, באַדייט פון ציל,
וואָס דורות האָבן פאַר מיר אויסגעוויטיקט שטיל;
— די וועלט זאָל מיין צושטייער זען דאָ אויף דער ערד.

# אָפּטיילונגען:



## מחבר פון די ביכער:

„אָרום מיר"

„פאַרלאַג „פעדער", ניו־יאָרק, 1922

„סאָנעטן"

פאַרלאַג א. וו. בידערמאַן, ניו־יאָרק, 1932

„אויפן וועג פון דורות"

אַרויסגעגעבן פון אַ שרייבער־קאָמיטעט, מיט דער
מיטהילף פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד,
ניו־יאָרק, 1949

## צו דיר, מיין אסתר מלכה
(סאָנעט)

מיט ליפּן פריִיד, מיט ליכט אין דיין געדאַנק,
באַנעמסט דו דעם באַדייט קלאָר פון מיין ליד, —
פאַרמעקסט פון טאָג, מיין וואָכנדיק געמיט:
פון גייִן, פון רו צעשייד, מיט מיין געזאַנג.

מיט לויב צו דיר, אָ, גאָט, פאַר דיין געשאַנק,
וואָס האָסט מיר צוגעטיילט, מיט גייסט, אַ פריינט;
— מיט דיר, מיין אסתר מלכה, זיין באַשיינט,
כ׳זאָל אויך פון דיר באַשיצט זיין אין מיין גאַנג.

און אַז די איינזאַמקייט באַגלייט אונדז נאָך —
דערהייבסט דו מיט דיין זעל מיך פון דער וואָך;
— עס זאָל ניט זיין קיין שטערונג — צו מיין ליד.

נו, גייען מיר אויף איין שליאַך זאַלבענאַנד,
ווי ס׳וואָלט אונדז ווער געפירט דאָ מיט זיין האַנט,
כ׳זאָל זיין נאָך ווי דער פרי־בוים צעבליט.

ניו־יאָרק, 1959

# In Licht fun Mein Dor

## In the Light of my Generation

Poems by

**J. L. KALUSCHINER**



איך דריק אויס מיין האַרציקן דאַנק
צום בוך־קאָמיטעט, און צו אַלע מיינע
פריינט, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז
דאָס בוך זאָל דערשיינען.
י. ל. ק.

שער־בלאַט געצייכנט פון יצחק ליכטענשטיין

Printed in the United States of America by
Futuro Press, Inc.
476 Broadway, New York, N. Y.



י. ל. קאלושינער

# אין ליכט פון מיין דור



ארויסגעגעבן פון א שרייבער-קאמיטעט

ניו-יארק 1960

מיט דער מיטהילף פון יוסף וויניעצקי פאנד
ביי דעם יידישן פען קלוב

